זלמן זילבערצווייג

# טעאטער-פיגורן



ב. איירעס

1936

זלמן זילבערצווייג

# טעאַטער־פיגורן

פאַרלאַג „אלישבע“

בוענאָס איירעס 1936

ZALMEN ZYLBERCWEIG

# TEATER-FIGURN

(PERSONAJES DE TEATRO)

BUENOS AIRES 1936

PRINTED IN ARGENTINE

# דער לעצטער

מיטן טויט פון יצחק ליבּרעסקאָ איז אַוועק אין דער אייביקייט דער לעצטער עדות פון דער גרינדונג פון יידישן (גאָלדפאַדענישן) טעאַטער.

דאָ און דאָרט זיינען נאָך פאַראַן פּערזאָנען, וועלכע האָבּן מיט־געהאָלפן דעם יידישן טעאַטער אויסטאָן זיינע קינדער־שיכלעך.

יוסף (יאָזעף) לאַטיינער, דער פיל־פאַרשריינגענער דראַמאַטורג; יאָסל עדעלשטיין, דער איינציק באמת רייך־פאַרבליבענער טעאַטער־אונטער־נעמער; צעזאַר גרינבערג, וועלכער האָט נאָך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל געשפּילט מכירת־יוסף־שפּילן פאַר גאָלדפאַדענען; בינע אבראַמאָוויטש „די מאַמע פון דער יידישער בינע"; ליזאַ איינהאָרן, די פאַרקערפּערין פון „שולמית" און די אַלטע קאָמיקער אברהם פישקינד און יעקב קאַצ־מאַן — אַלע אין ניו יאָרק און נאָך אייניקע עלטערע לייט אין פאַר־שידענע שטעט פון רומעניע — זיינען אונז נאָך פאַרבליבּן פון די ערשטע טעג פון יידישן טעאַטער.

זיי זיינען די ערשטע, וועלכע האָבן אַרויסגעטראָגן דאָס יידישע טעאַטער פון זיינע ד' אמות אין שמעון מארקס גערטנדל אין יאַסי, אָבער צוגעלייגט אַ האַנט צו דער גרינדונג פון יידישן טעאַטער האָט קיינער נישט פון זיי.

ליבּרעסקאָ איז געווען דער איינציקער, וועלכער האָט געקאָנט מיט אַ רואיקן געוויסן זיך האַלטן פאַר אַ מיטגרינדער פון יידישן טעאַטער.

אויב אברהם גאָלדפאַדען איז געווען דער דאָן־קיכאָט פון דער יידישער בינע, איז יצחק ליבּרעסקאָ געווען זיין געטרייער סאַנטשאָ־פּאַנטשאָ.

היינט צו טאָג, ווען יידיש טעאַטער איז שוין אַ פאַך, מיט אַ

פאַראיין, מיט רעגולאַמינס, מיט סטאַטוטן און געזעצן, מיט איסורים, וואָס יעדער מעג יאָ אָדער נישט טאָן, איז שווער צו זאָגן וואָס יצחק ליבערסקאָ איז געווען ביים יידישן טעאַטער.

שלום עליכם וואָלט געזאָגט: „דער כל ולך פון יידישן טעאַטער".

דעמאָלט אָבער, אין 1876, ווען אברהם גאָלדפאַדען אַליין איז געווען רעדאַקטאָר און פאָלקס־דיכטער, האָט זיך גענויטיקט אַ מענטש מיט ענערגיע, מיט התלהבות, אַרויסצורופן אין לעבן דעם עמבריאָן פון יידישן טעאַטער, וואָס האָט גענעסטיקט אין אברהם גאָלדפאַדען.

יצחק ליבערסקאָ איז דאָס געווען. ער האָט אויסער דעם געלייגט דעם וועג אויף וועלכן גאָלדפאַדען האָט געדאַרפט גיין און ער האָט באַזייטיקט די שטיינער פון וועג.

ער האָט דורך זיין אינעווייניקסט פייער ווי מיט אַ פאַקל באַלויכטן דעם וועג פאָראויס פאַר גאָלדפאַדענען:

פאַרבינדונגען מיטן ציון־פאַראיין אין רומעניע צו שאַפן אַ פוב־ליקום אין רומעניע, הלואות ביי פריוואַט־פערזאָנען, אָנפירן די טרופּע אין שווערע מאָמענטן, דערליידיקן אינעווייניקסטע סכסוכים, אַרויס־גנבענען אַקטיאָרן און פּיעסעס־שרייבער פאַר גאָלדפאַדענען, בשעת הדחק אַליין אָנשרייבן און אויפפירן אַ פּיעסע און אַפילו באַרואיקן די אָפט אייפערזיכטיקע פרוי גאָלדפאַדען — דאָס אַלץ האָט געהערט אין ליבערסקאָס „אַמפּלואַ".

און דער לוין — אָפטער, זייער אָפטער, הונגער.

ליבערסקאָ איז געווען פאַר די אַקטיאָרן דאָס פאָרבילד וואָס פאַר אַ שכר מ׳דאַרף נעמען פאַר דינען די עבודה פון יידיש טעאַטער.

ווען אַן אַנדערער וואָלט געשפּילט ביים יידישן טעאַטער די ראָל פון ליבערסקאָן, וואָלט ער אַ וועלט מיט זיך פאַרקלונגען. ער אָבער האָט זיך פאַרוקט ערגעץ וואו אין אַ פאַרשטיקט ווינקעלע פון אַמעריקע, אין פליינפילד, ניו דזשוירסי, און איינציקע חדשים פון יאָר געאַקערט זיין שטיקל פעלד.

ער איז געווען אַ פעלד־אַקערער. פריער דאָס פעלד פון יידישן טעאַטער, דערנאָך אַן אמתדיק פעלד פון דער מאַמע ערד.

ער האָט געקאָנט ווערן אַ רבילע אין אַקטיאָרן־קלוב אָדער אין קאַ־פע ראָיאַל און דערציילן עפּיזאָדן און מעשיות פון יידישן טעאַטער און

האָבן שטענדיק אַרום זיך אַ סך חסידים, אָבער ער איז בעסער געווען אַ חסיד פון אַנדערע. ער פּלעגט אָן אַ שיעור לייענען ביכער אין יידיש און אין ענגליש. עס זיינען איצט זיכער פאַרהאַן אין דער גאַנצער וועלט זייער ווייניק מענטשן ווי ער, וואָס זאָלן האָבן אַזוי גרינטלעך דורכגעלייענט די יידישע ליטעראַטור. אין די אָפּטיילונגען פון דער ניו־יאָרקער „פּאָבליק ליבערערי" פּלעגט מען זיך פאַר אים שרעקן. מ'האָט געוואוסט, אַז מען מוז כסדר נאָכלויפן דעם ביכער־מאַרק, אויב מ'וויל, אַז ליבערעסקאָ זאָל האָבן וואָס צו לייענען. ביכער, וואָס זיינען אים געפעלן, פלעגט ער לייענען איינציקע מאָל.

ווען איך האָב זיך מיט אים באַקענט, מיט 4 יאָר צוריק, איז ער שוין נישט געווען קיין „יונגערמאַנטשיק", בערך 77 יאָר. ער האָט יעדן טאָג דערוואַרט זיין סוף און האָט קיין סוד דערפון ניט געמאַכט, אָבער ווען מ'האָט אים אָנגעקוקט און געהערט ריידן, האָט זיך נישט געגלויבט, אַז דאָס איז אַזאַ זקן.

אַ פּולבלוטיק געזיכט, מונטער, אַ גוטער חתוך־הדיבור און אַ טעמפּעראַמענטפולע זשעסטיקולאַציע.

אָבער 77 יאָר זיינען פאָרט פאַררעטעריש און איך האָב זיך שנעל אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט אויפצושרייבן זיינע זכרונות, וואָס זיינען שפּעטער אַריין אין מיין בוך „הינטערן פאָרהאַנג". ער האָט גע־רעדט און איך האָב נאָטירט. ווי אַ פּאַנאָראַמע האָט ער אויפגעוויקלט די קינדער־יאָרן פון יידישן טעאַטער, געצייכנט און געמאָלט גאָלדפאַ־דענען, די ערשטע אַקטיאָרן און אַקטריסעס, דאָס פּובליקום, די אונ־טערנעמער, די גוטע־ברידער, די יוצר־משרתים ביים יידישן טעאַטער. מיר האָבן זיך ביידע געפילט גליקלעך: איך, וואָס כ'האָב אָפּגעראַטע־וועט דאָס לעצטע עדות־זאָגן וועגן אַזאַ היסטאָריש געשעעניש, ער — וואָס ער האָט זיך אויסגעלאָדנט.

און שפּעטער, ווען כ'האָב אים צוגעשיקט די זכרונות, שוין אי־בערגעשריבן, איז ער זיי ערשט פּאָרזיכטיק דורכגעגאַנגען און אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָל זיך נישט אַריינכאַפּן קיין נישט־גענויקייט אָדער אַן איבעריק וואָרט, לשם מליצה.

אין אַ יאָר שפּעטער האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן. איך האָב אים געבראַכט אַ גרוס פון זיין יאַסי, פון זיין בוקאַרעסט און אַנדערע שטעט

אין רומעניע, פון פערזאָנען, וואָס געדענקען אים נאָך, פון דער בינע אין פּאַמול־ווערדי, וואו גאָלדפאַדען האָט אויפגעצויגן דעם פאַרהאַנג פון יידישן טעאַטער.

ער איז געווען גליקלעך און ווידער אָפּגעפאָרן אין דאָרף, אָבער מיטן חשד, אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל.

און זיין חשד איז געווען אַ ריכטיקער. אַ זומער שפּעטער, ווען ער איז ווידער אָפּגעפאָרן אין דאָרף אַרבעטן אויפן פעלד, איז ער שוין נישט צוריקגעפאָרן אַליין, נאָר מ'האָט אים צוריקגעבראַכט קיין ניו־יאָרק.

אַ גאַנצער קאָמפּלעקס מיט קראַנקהייטן האָבן זיך אַריינגעצויגן אין דעם אַלטן גוף און אים אַריינגעטריבן אין בעט.

איינינקע מאָל האָב איך באַזוכט דעם קראַנקן, ער איז געווען זי־כער, אַז ער שטאַרבט און דערביי איז ער געווען פריילעך געשטימט.

איינמאָל האָט ער מיר אפילו געשריבן אַ בריוו, אַז כ'זאָל תיכף קומען אים זען, ווייל מאָרגן קאָן שוין זיין צו־שפּעט, אָבער ווען כ'בין געקומען, האָב איך אים געטראָפן אין אַזאַ צושטאַנד, וואָס האָט גע־קאָנט באַרואיקן. און ווען כ'האָב אים אַמאָל אין אַ וויץ אַ זאָג געטון:

— ע, ליבערסקאָ, מאַכט זיך נישט נאַריש; איר זענט דאָך דער הויפּט־מחותן פון מיין „לעקסיקאָן"; איך וויל דאָך הערן אייער מבינות אויפן בוך.

האָט ער מיר, ווי זיין שטייגער, געענטפערט הומאָריסטיש:

— דער עיקר ווילט איר דאָך, אַז אברהם גאָלדפאַדען זאָל וויסן, אַז איר פאַראייביקט זיין אַרבעט — דאָס יידישע טעאַטער. נו, וועל איך עס אים זאָגן. אָט, אָט גיי איך צו אים. גלויבט מיר, אַז איך וועל זיך מיט אים פריער זען ווי איר.

אַ ביסל שפּעטער האָבן מיר אין ניו־יאָרק איינגעאָרדנט אַ מערק־ווירדיקע יום־טוב־אויפפירונג פון „שולמית" און כ'בין עקסטרא אוועק צו ליבערסקאָן און אים פאַרבעטן אין טעאַטער.

ער האָט אָבער אַליין נישט געקאָנט קומען און האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט אַ בריוו. און ווידער דער זעלביקער הומאָר:

— „שולמיתן קען איך פון אַ סך יאָרן. איך געדענק זי נאָך אַלס קליין קינד, ווען זי איז געבוירן געוואָרן. היינט איז זי שוין אַן אַלטע

פרוי, אַ באָבע. אוודאי האָלט איך מיך פאַר אַ מחותן און וואָלט גערן זיין מיט אייך. איך האָב אָבער אַ זון אַ דאָקטאָר, איז ער אַ גוטער דאָקטאָר און אַ שלעכטער זון. ער לאָזט זיין טאַטן נישט אַרויסגיין פון שטוב...״

פאַרטרונקען אין אַרבעט, האָב איך לעצטנס אַ ביסל פאַרנאַכלעסיקט מיין אַלטן פריינט, ביז זיינער אַ זון האָט מיר אָנגעזאָגט די „גוטע בשורה״, אַז זיין פאָטער איז גוסס.

עס איז געווען עטלעכע טעג פאַר מיין אָפּפאָרן פון אַמעריקע, ווי געוויינלעך אַ טרוד מיט רייזע־הכנות, אָבער כ׳האָב אַלץ געלייגט אָן אַ זייט און אַוועק צו ליברעסקאָן, ערגעץ אין דער אַריסטאָקראַטישער געגנט אין ניו־יאָרק, אין אַ פּריוואַטער קליניק.

אין אַ נידריק בעטל איז געלעגן איינזאַם אין אַ צימער דער שאָטן פון יצחק ליברעסקאָ. קיין סימן פון דעם רויטן, פולן געזיכט. אַ פּאָר דאַרע, בלייכע, איינגעפאַלענע באַקן, אויסגעוויקטע אויגן, אויף וועלכע ס׳האָבן געהאָנגען ווי אַ כּאָמוט די ברילן, און אַרויסשטאַרנדע נאָז, פון די טיפּיש יידישע נעז. ווען האָט ליברעסקאָ געהאַט אַזאַ נאָז?

עס איז געווען שווער צו דערקענען אויב דער חולה שלאָפט אָדער איז וואַך. די אויגן פאַרמאַכט, נאָר פון מינוט צו מינוט געעפנט און אַ רגע אַ בליק געטאָן שטאַר און דערנאָך, שוין האַלטנדיק זיי פאַרמאַכט, געטריבן מיט אַ האַנט די פליגן, וואָס זיינען געשפּרונגען איבער זיין פנים.

באַלד אָבער האָט דער חולה אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין מיין ריכטונג און געפרעגט:

— וויפיל איז דער זייגער? דער וועק־זייגער?

איך זאָג אים די שעה.

— גיב מיר וואַסער! ווער איז דאָ?

איך רוף אים אָן מיין נאָמען. אָבער עס איז לייכט צו דערקענען, אַז ער האָט די פראַגע געשטעלט סתם אין דער וועלט אַריין, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער. און אפשר איז ער אין יענער מינוט יאָ געווען באַוואוסטזיניק, נאָר ביז מיין ענטפער איז געקומען האָט אים דאָס באַוואוסטזיין שוין פאַרלאָזט.

פלוצלונג ווארפט דער חולה אראָפּ פון זיך די דינע דעק, קלאַ־מערט זיך אָן מיט זיינע הענט אָן מיר און זאָגט:

— זיי א גוטער מענטש און נעם מיך ארוים!

איך ווייס נישט וואָס צו טאָן. איך קלינג נאָך דער „שוועסטער". זי קומט און לייגט דעם חולה צוריק אריין אין בעט.

דער חולה — א דאַרער, איינגעקאָרטשעטער, הענט דינע ווי ביי א קינד.

ער באַקומט א ביסל וואסער און דרימלט איין.

איבער א שעה בין איך געזעסן ביים בעט און געהאַט דעם איינ־דרוק, אז כ'זע ווי א ליכט ברענט זיך אוים.

ביים אוועקגיין פרעג איך דער „שוועסטער":

— וועל איך נאָך טרעפן ביים לעבן דעם קראַנקן ווען איך וועל אין עטלעכע חדשים ארום צוריקקומען פון א רייזע?

די שוועסטער, וועלכע האַלט מיך א פּנים פאַר א קרוב פון חולה און וויל מיך נישט מצער זיין, ענטפערט מיר:

— מעגלעך.

איך פיל, אז זי גלויבט נישט אין דעם, וואָס זי זאָגט.

און זי האָט טאַקע געליינט: 3 טעג שפּעטער, אין זעלבן טאָג, וואָס איך האָב זיך געזעצט אויף דער שיף קיין איראָפּע, האָט ליב־רעסקאָ זיינע אויגן אויף אייביק געשלאָסן.

דער לעצטער פון יענער עפּאָכע!

„פרייע אַרבעטער שטימע", 8 אויגוסט 1930.

# דער מושלם

זיינער א ברודער האָט ביים יידישן טעאַטער דערגרייכט דעם גרעסטן נאָמען. עס איז אַ נאָמען, וואָס יעדערער קען אים. א זון זיינער שפּילט היינט אין ניו־יאָרק, ביי מאָרים שווארצן אין יידישן קונסט־טעאַטער, און עס האָט נאָך נישט געטראָפן, אז ער זאָל צעקאַלעטשען א ראָלע.

דער ענין האַנדלט זיך וועגן אַ ייד מיטן נאָמען י י ד ל גאָלדפּאַדען.

ער איז געווען באַקאַנט אַ שטיקל צייט אונטערן נאָמען איליא גאָלדענפּאָדים, דער דריטער זון פון ר׳ חיים־ליפּע גאָלדענפּאָדים. א באוואוסטער זייגער־מעכאַניקער.

געלערנט האָט יידל צוזאַמען מיט זיין בארימטן ברודער אברהם, און טאַקע צוזאַמען מיט אים געענדיקט די ראַבינער־שול אין זשיטאָמיר. שוין אין דער שול האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס גוטער קאָפּ, אָבער גראָד אזוי ווי זיין ברודער איז אַוועק אויף אַן אַנדערן וועג, ווי מ׳האָט גערעכנט, אַזוי איז אויך פון יידלען ניט געוואָרן דאָס, וואָס מען האָט דערוואַרט.

אין די יינגערע יאָרן האָט ער געאַרבעט אין דעם זעלבן פאַך, וואָס זיין פאָטער, אין זייגערמאַכעריי, אָבער ווען זיין עלטערער ברודער, אברהם, גרינדעט אין אָדעס דאָס יידישע טעאַטער, ווערט יידל אַן אַקטיאָר ביי זיין ברודער אין טרופּע. איינע פון זיינע בעסטע ראָלן איז געווען „האָצמאַך״, טאַקע אין זיין ברודערס פּיעסע „די כישוף־מאַכערין״.

יידל האַלט זיך אָבער פאַר א מענטש מיט אַמביציע, און ער קאָן

ניִשט אַרבעטן צוזאַמען מיט זיין ברודער. עס קומט אים דאָרט אויס
צו זיין אַ געוויינלעכער אַקטיאָר פון דער טרופּע, און ער האָט אַ שטרע־
בונג צו גרעסערס. ער טרעט דעריבער אַרויס פון זיין ברודערס טרופּע
און גרינדעט אַן אייגענע. ער הייסט דאָך אויך גאָלדפאַדען און ער האָט
דאָך אויך אַ רעכט צו רופן זיין טרופּע „גאָלדפאַדענס טרופּע", און
„גאָלדפאַדענס טרופּע" איז דאַמאָלט געווען אַ גוטע מאַרקע — וואו
זי קומט, מאַכט זי געשעפטן.

יידל שפּילט מיט זיין טרופּע זיין ברודערס פּיעסעס, און אַז עס
פעלט אויס רעפּערטואַר, שרייבט ער אליין פּיעסעס, אָבער יידל איז
ניִשט איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן דעם יידישן טעאַטער, און ווען
די רוסישע רעגירונג הויבט אָן אָנצוטאָן צרות דעם יידישן טעאַטער,
ביז זי גיט אַרויס בכלל אַ פאַרבאָט צו שפּילן אויף יידיש, ציט זיך יידל
אינגאַנצן צוריק פון טעאַטער. יידיש טעאַטער ווערט אים פרעמד.

אוועקגייענדיק פון טעאַטער, נעמט זיך יידל גאָלדפאַדען צוריק
צו זיין פאַך — צו זייגערמאַכעריי, אָבער די געוויינלעכע טאָג־טעג־
לעכע אַרבעט באַפרידיקט אים ניִשט. אין אים לעבט אַן אויסערגעוויינ־
לעכע ענערגיע און אַ דערפינדערישער גייסט, ער שטרעבט צו ווייזן
זיך מיט עפּעס, וואָס זאָל אים אַרויסרוקן, און 6 יאָר אַרבעט ע־ אויף
אַ זייגער, וואָס האָט אים טאַקע באַרימט געמאַכט איבער גאַנץ רוס־
לאַנד.

דאָס איז געווען אַ זייגער מיט אַ קונץ: אַ גרויסער בנין, וואָס
האָט פאָרגעשטעלט אַ וואָקזאַל מיט באַן־ליניעס, אַ צוג מיט פּאַסאַ־
זשירן, פאַרשידענע באַן־ביוראָס — אַלץ איז געווען אין באַוועגונג
און האָט געאַרבעט, מען האָט געקאָנט זען ווי מען קומט קויפן אַ בי־
לעט, פּעקל־טרעגער נעמען דעם באַגאַזש און טראָגן אים אַריין אין
צוג, די באַן פאָרט אָפּ, שפּעטער קומט ווידער אָן אַן אַנדערער צוג מיט
פּאַסאַזשירן, רוסישע זשאַנדאַרמען דרייען זיך אַרום אויפן וואָקזאַל
אויף שמירה, איידער דער צוג פאָרט אָפּ, קלינגט מען מיט אַ גלאָק,
טעלעגראַפיסטן נעמען אויף טעלעגראַמעס.

דאָס אַלץ האָט מען געזען ווי לעבעדיק, ווייל אַלע טיפּן זיינען
פאָרגעשטעלט געוואָרן דורך ליאַלקעס, אָנגעטאָן אין די פּאַסיקע אוני־

פּאַרמען. זיי אַלע צוזאַמען האָבן געבילדעט דעם זייגער, און זיי האָבן זיך באַוועגט צוזאַמען מיט די ווייזערס.

מיטן דאָזיקן זייגער האָט געקלונגען גאַנץ רוסלאַנד, ביז דער דער־פינדער האָט אים צוגעשיקט קיין פּעטערבורג אין קייזערלעכן הויף, און ניקאָלאַי דער צווייטער, דער לעצטער רוסישער צאַר, האָט געשאָנ־קען אַ מעדאַל דעם דערפינדער.

אָפּגערוט זיך פון דערדאָזיקער דערפינדונג, האָט יידל גענומען אַרבעטן אויף אַנדערע דערפינדונגען, און נאָך 6 חדשים אַרבעט, האָט ער פאַרטיק געמאַכט אַ קאָפּיע פונם באַרימטן אייפעל־טורם אין פּאַריז.

אָבער אויך דאָס איז נישט געווען יידלס לעצטע דערפינדונג: אין איינקע יאָר אַרום האָט ער דערפונדן אַן אַפּאַראַט צו כאַפּן גנבים. אַזוי ווי לויט זיין פאַך איז ער געווען אַ זייגערמאַכער, איז אויך דערדאָזיקער אַפּאַראַט געווען פאַרבונדן מיט אַ זייגער, לויט וועלכן מען האָט גע־קאָנט פעסטשטעלן וואו עס געפינט זיך דער גנב און וויפיל צייט איז עס ווי דער גנב איז דאָרט געווען.

יידל איז געווען דער אמתער טיפּ פון אַ יידישן מושלם, פון די, וועלכע קענען אַ סך און קיין זאַך נישט גרינטלעך.

דערווייל האָט יידל אָנגעהויבן אונטערצוהונגערן און ער האָט געמוזט פאַרקויפן זיין זייגער אויף וועלכן ער האָט געאַרבעט אַזוי פיל יאָרן.

אין יאָר 1904, אין דער צייט פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, געפינען מיר אים אין באַרבין, וואו ער האָט געעפנט... אַן אַפּטייק.

דאָרט איז יידל גאָלדפאַדען אין 1910 געשטאָרבן אין עלטער פון 51 יאָר, אָפּגעריסן פון זיין פאַמיליע, אָבער דער פונק פון טעאַטער, וואָס האָט אַ צייט געפלאַקערט אין אים, צעגליט זיך שפּעטער אין זיין זון וואָלף, וועלכער האָט אַ צייט לאַנג נישט געקענט קיין יידיש וואָרט, און היינט איז ער איינער פון די בעסטע יונגע יידישע אַקטיאָרן און איבערזעצט אַליין פּיעסעס אין יידיש.

„טעאַטער־צייטונג", נ' 7, 1928.

# אסתר-רחל

זי הייסט אייגנטלעך אסתר־רחל קאמינסקא, נאר אין דער היימי־
שער סביבה, צווישן נאענטע פריינט און ארטיסטן — רופט מען זי
נאר אסתר־רחל, און דערדאזיקער פארנאמען איז אונז טאקע נאענט,
זייער נאענט. איך וואלט געזאגט, אז עס איז נישט קיין צופאל, וואס זי
הייסט א ס ת ר - ר ח ל.

א ס ת ר — דאס איז דער י י ד י ש ע ר חן, די י י ד י ש ע
שיינקייט. נישט סתם שיין לשם שיין, נאר י י ד י ש ע שיינקייט.
אסתר המלכה איז געווען א גרינע, און דאך האט מען זי געהאלטן; פאר
א יידישע שיינהייט, דאך איז זי דעם מלך געפעלן געווארן מער ווי אלע
נישט־יידישע פרויען, שענערע, ווייל זי איז געווען נ א ט י ר ל ע ך
שיין, ווייל זי איז נישט געווען ג ע ק י נ ס ט ל ט, נאר פ ר י מ י־
ט י ו ו.

ר ח ל — דאס איז די י י ד י ש ע מוטער. די שטאלצע, די בייזע,
די אויפגערעגטע, די שטראפנדע, די געקרענקטע, די ליידנדע, די אויפ־
געברויזטע — אבער די י י ד י ש ע מאמע.

און אסתר־רחל איז עס ביידע זאכן צוזאמען. איר שפילן „כאסיע"
און „שחיטה" — איז פ ר י מ י ט י ו ו, איז נ א ט י ר ל ע כ ק י י ט,
איז י י ד י ש ע שיינקייט, נישט געקינסטלט, נישט געפארבט. איר
„מירעלע" איז דער סימבאל פון דער י י ד י ש ע ר מ א מ ע.

און וואויל איז אונז, וואס מיר האבן נאך עד היום אין אונזערע
רייען דעם פארקערפערער פון יידישן חן און פון דער יידישער מאמען.
וואויל איז אונז, וואס 30 יאר וואנדערן, שלעפן זיך איבער דארף
און שטאט, איבער שטאלן און כאלופעס, האבן פונדעסטוועגן פאר־
פלאנצט דעם ווייטערדיקן קערן פון א מאדערן יידיש טעאטער.

און וואויל איז אונז, וואָס אסתר־רחל קאַמינסקאַ האָט נאָך ביים היינטיקן טאָג פאַר זיך אַ ברייט פעלד צו אַנטוויקלען איר טאַלאַנט און פאַרשאַפן אונז גייסטיקן תענוג.

און ווי אויף יעדער יידישער שמחה דאַרף מען דערמאָנען אויך דאָס טרויעריקע, אַזוי דאַרפן מיר אויך איצט דערמאָנען די נעמען פון אַ ב ר ה ם־י צ ח ק און ר ע ג י נ אַ קאַמינסקאַ, וועלכע וואָלטן, ווען זיי וואָלטן געווען ביים היינטיקן טאָג, פאַרפולט דעם בעכער פון פרייד.

און אַ פרייד איז עס אַ גרויסע, ווען מיר פייערן דעם יום־טוב פון אַ קינסטלערין, וואָס שטייט שוין 30 יאָר כסדר אויף דער וואַך פון אונזער קולטור און פלעגט זי מיט אַ ברייטער האַנט.

און ביי דערדאָזיקער געלעגנהייט ווינטשן מיר אונזער יובילאַרין — ווייטערדיקן דערפאָלג און אַרבעט פאַר אונזר בינע, און דעם בעל־שמחה: דעם יידישן פובליקום — נישט פאַרשיכורט ווערן אויף איין טאָג פון שמחה, נאָר ניכטער מיטהעלפן דערצו, אַז מיר זאָלן אָפט האָבן אַזעלכע ימים טובים.

„טעאַטער און קונסט", נ' 3, 1922.

# יחום

אז אַלע יידן זיינען איין משפחה, וואָרום אַלע שטאַמען מיר דאָך אָפּ פון אברהם, יצחק ויעקב — דאָס איז דאָך אַ דבר ידוע...

אָבער איך וואָלט זיך נישט אונטערגענומען צוזאַמענצושטעלן אַ יחוס־בוים, וואָס זאָל באַווייזן די אָפּצווייגונגען פון דער א י י נ ע ר, גרויסער יידישער אַלוועלטלעכער משפּחה. איך וואָלט אויך נישט גאַראַנטירט, אַז אַלע יידן זיינען טאַקע פאַרוואַנדט צווישן זיך, אָבער אַז אַלע יידישע אקטיאָרן זיינען איין מ ש פּ ח ה — דאָס גאַראַנטיר איך יאָ.

אַלס ביישפּיל וועל איך נעמען די שוישפּילער־פאַמיליעס ק אַ־מ י נ ס ק י און ק אָ מ פּ אַ נ י ע ע ץ, און אויסרעכענען זייער כּפר־היחסון:

דער ערשטער פון דער אַרטיסטן־משפּחה ק אַ מ י נ ס ק י האָט געהייסן אַברהם־יצחק קאַמינסקי. ער איז געוועזן אַ שוישפּילער, רעזשיסער, דירעקטאָר און אויך מחבר פון פּיעסעס, צווישן אַנדערע אַ פּיעסע פון יידישן אַרטיסטן־לעבן; אַ טאָכטער פון זיין ערשטער פרוי איז געוואָרן אַן אַקטריסע: זי רופט זיך קאַרלאָס, אויפן נאָמען פון איר מאַן אַן אַקטיאָר — ביידע שפּילן זיי אין ראַטנפאַרבאַנד. די צווייטע פרוי פון אַברהם־יצחק קאַמינסקי איז געוועזן די גרויסע קינסטלערין אסתר־רחל (האַלפּערן) קאַמינסקאַ; זייער עלטסטע טאָכטער, אַ טאַלאַנטירטע דראַמאַטישע קינסטלערין, רעגינע, איז יונג געשטאָרבן; רעגינעס מאַן איז געוועזן דער באַקאַנטער קאָמיקער הערשל ווייסמאַן; ווייסמאַן איז פריער געוועזן פאַרהייראַט מיט דער באַקאַנטער כאַראַקטער־שוישפּילערין יערמאָלינאַ־ווייסמאַן, יערמאָלינאַ־ווייסמאַן האָט שפּעטער חתונה

געהאט מיט א פעאיקן פאט־קאָמיקער יעקב זאנגער, וועלכער שפילט איצט אין אמעריקע; נאָך רעגינעס טויט האָט ווייסמאן חתונה געהאָט מיט דער אַקטריסע סאָניאַ מעדוויעדאָווא. די צווייטע טאָכטער פון אברהם־יצחק און אסתר־רחל קאמינסקא, די באַקאַנטע דראַמאַטישע שוישפּילערין, איבערזעצערין און פּיעסעס־שרייבערין אידאַ קאַמינסקאַ איז די פרוי פון זיגמונט טורקאָוו, איינער פון די חשובסטע יידישע מאָדערנע שוישפּילער און רעזשיסערן; זיגמונטס ברודער איז דער באַ־קאַנטער שוישפּילער און פילם־רעזשיסער יאָנאַס טורקאָוו; יאָנאַסעס פרוי איז די באַקאַנטע יונגע שוישפּילערין דיאַנאַ בלומענפעלד. אַ דריטער פון דער פאַמיליע טורקאָוו, יצחק, האָט געענדערט זיין נאָמען אויף א פאַמיליע־נאָמען פון זיינעם א קרוב, א געוועזענער אַקטיאָר, און רופט זיך גרודבערג, און שפּילט אונטער דעם נאָמען און זעצט איבער פּיעסעס. דער פערטער פון דער פאַמיליע טורקאָוו, מאַרק, איז דירעקט מיטן טעאַטער נישט פאַרבונדן, אָבער ער האָט ארויסגעגעבן אסתר־רחל קאַמינסקאַס בריוו און האָט איבערזעצט פּיעסעס. א שוועסטער זייערע, רחל, האָט אויך געשפּילט אויף דער יידישער בינע, יוסף, דער איינציקער זון פון אברהם־יצחק און אסתר־רחל, איז א באַקאַנטער ווירטואָז און קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער האָט שוין געשריבן א סך אילוסטראַציעס צו פּיעסעס, וואָס זיינען אויסגעפירט געוואָרן אויף דער יידישער בינע. א נאָענטער קרוב מיט אברהם־יצחק קאַמינסקין איז דער באַקאַנטער שוישפּילער אייזיק סאַמבערג. סאַמבערג איז פאַרהייראַט מיט דער באַקאַנטער שוישפּילערין העלענאַ גאָטליב. נאָענטע קרובים פון קאַמינסקין זיינען אויך די שוישפּילער, ברידער קאַמינער, וועלכע שפּילן איצט אין ראַטנפאַרבאַנד; איינער פון די ברידער קאַמינער איז פאַרהייראַט מיט דער באַקאַנטער אַקטריסע סאָניע עדעלמאַן, וועלכע האָט אַמאָל געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער „פאַראייניקטער טרופּע".

איצט קומען מיר צו דער פאַמיליע פון אסתר־רחלס צד: אירער א ברודערן־זון, אברהם האַלפּערן, איז א טעאַטער־פאַרוואַלטער. דוד לואי, א באַקאַנטער שוישפּילער, איז געווען פאַרהייראַט צו מינאַ ליכטענבערג (א שוועסטער־טאָכטער פון אסתר־רחל); מינאַ לואי האָט א געוויסע צייט געשפּילט טעאַטער, און איצט איז זי אין טעכנישן פּער־סאָנאַל פון טעאַטער; א ברודערן־טאָכטער פון אסתר־רחל, דינה האַל־

פֿערן, איז איצט אַ באַקאַנטע יונגע שוישפּילערין און איז פֿאַרהייראַט מיטן יידישן אַקטיאָר און פּיעסעס־שרייבער סעם בראָנעצקי.

איצט וועלן מיר איבערגיין צו דער פֿאַמיליע קאָמפּאַניעעץ.

דער ערשטער פֿון דער אַרטיסטן־פֿאַמיליע ק אָ מ פּ אַ נ י ע ע ץ איז אבא קאָמפּאַניעעץ, איינער פֿון די לעצטע מאָהיקאַנער פֿון אַלטן דור אַקטיאָרן און דירעקטאָרן; זיין שוועסטער איז די באַקאַנטע כאַראַקטער־שוישפּילערן מאַלווינאַ סיעראָצקאַ־אוגער, וועלכע שפּילט שוין איניקע יאָר נישט אויף דער בינע; אַ צווייטע שוועסטער זיינע סאָניע קוסטין, האָט פֿיל יאָרן געשפּילט אין יידישן וואָדעוויל־טעאַטער אין אַמעריקע און פּוילן. אבא קאָמפּאַניעעץ איז פֿאַרהייראַט מיט דער באַקאַנטער מוטער־ראָליסטין לאה קאָמפּאַניעעץ. איר שוועסטער, קלאַראַ, איז אַ כאַראַקטער־שוישפּילערין; מאַלווינאַ קאָמפּאַניעעץ איז געווען פֿאַרהייראַט מיטן באַקאַנטן ליבהאָבער־זינגער הערמאַן סיעראָצקי, וועלכער שפּילט איצט אין אַמעריקע; שפּעטער איז סיעראָצקי געווען פֿאַרהייראַט מיט דער באַרימטער פּרימאַדאָנע זינאַ גאָלדשטיין, וועלכע שפּילט איצט אין אַמעריקע און איז דאָרט פֿאַרהייראַט מיטן טעאַטער־דירעקטאָר לואיס גאָלדבערג; לואיס גאָלדבערג איז פֿריער געווען פֿאַרהייראַט מיט אַ קרובה פֿון באָרים טאָמאַשעווסקי. זינאַס שוועסטער, לאָלאַ, איז אַ יידישע אַרטיסטין אין פּוילן. מאַלווינאַ קאָמפּאַניעעץ (סיעראָצקאַ) האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיטן באַקאַנטן זשורנאַליסט טעאַטער־עסקן און לאַנג יאָריקן רעדאַקטאָר פֿון „לאָדזער טאַגעבלאַט" ישעיהו אוגער; סאָניאַ קאָמפּאַניעעץ איז פֿאַרהייראַט מיטן אַקטיאָר סאַלאָמאָן קוסטין, וועלכער שפּילט איצט אין אַמעריקע; לאה קאָמפּאַניעעצעס שוועסטער, קלאַראַ, איז פֿאַרהייראַט מיטן כאַראַקטער־שוישפּילער הערמאַן גערשאַנאָוויטש, וועלכער שפּילט איצט צוזאַמען מיט זיינע קינדער אויף דער פּראָווינץ אין קאַנאַדע; די עלטסטע טאָכטער פֿון אבא און לאה קאָמפּאַניעעץ איז די באַקאַנטע דראַמאַטישע שוישפּילערין אַניעלאַ, זי איז פֿאַרהייראַט מיטן באַקאַנטן קאָמיקער אהרן פּאָליאַקאָוו; די צווייטע טאָכטער פֿון די קאָמפּאַניעעצעס איז די באַקאַנטע סוברעטין באָריסאָוואַ; איר מאַן איז דער באַקאַנטער ליבהאָבער און אָפּערעטעס־רעזשיסער ל. ראַבינאָוויטש; ראַבינאָוויטש איז פֿריער געווען פֿאַרהייראַט מיט דער שוישפּילערין רעגינאַ לובאַרטאָוו-

סקאַ. אַן עלטערע שוועסטער פון דער לובאַרטאָווסקאַ, צלבה, וועלכע איז געווען פון די ערשטע פראָווינץ־אַקטיאָרן אין פוילן, איז היינט אַ גאַרדעראָבערין אין יידישן טעאַטער אין לאָדזש. שפּעטער איז רעגינע לובאַרטאָווסקאַ געווען פאַרהייראַט מיטן סופלער בלאַט. די יונגסטע טאָכטער פון די קאָמפּאַניעצעס איז די סוברעטין נינינאַ, איר מאַן איז דער באַקאַנטער דראַמאַטישער שוישפּילער ל. סאָקאָלאָוו. די זין פון די קאָמפּאַניעצעס, ישראל און מאָטעק, האָבן זינט די לעצטע יאָרן אָנגעהויבן אַרויסצוטרעטן אויף דער בינע.

אַ רשימה פון נאָך אייניקע באַקאַנטע יידישע טעאַטער־משפּחות וועט זיכער צופירן צו דער קרובהשאַפט פון די דערמאָנטע צוויי משפּחות.

„טעאַטער־צייטונג", נ' 5, 1928

## די „זיר"

דאָס יידישע פּובליקום וואָס באַזוכט נאָך דאָס יידישע טעאַטער, געדענקט קנאַפּ דעם נאָמען אַננאַ העלד, און עס איז אויך קיין וואונדער נישט, ווייל בסך-הכל האָט זי געשפּילט זייער אַ קורצע צייט אויף דער יידישער בינע, און אויך דערביי נישט פאַרנומען קיין באַזונדער אָרט אין דער יידישער טעאַטער-וועלט. דער נאָמען אַננאַ העלד איז אָבער זייער גוט באַקאַנט דעם יידישן טעאַטער-עולם אַלס אינטערנאַציאָנאַלע אַקטריסע.

און וואָלט אַננאַ העלד געבליבן ביי דער יידישער בינע, וואָלט זיכער איר נאָמען געווען זייער פּאָפּולער צווישן יידישן טעאַטער-עולם, וואָרום זי איז אין איר זשאַנר, אַלס סוברעטין און פאַרטראַגערין פון לידער, געווען אַ מייסטערין.

אַננאַ העלד איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע אין 1873. אירע עלטערן האָבן באַלד דערויף אויסגעוואַנדערט קיין פּאַריז. וואָס איר פאָטער האָט געטאָן איז נישט באַוואוסט. איר מוטער איז געווען אַ מאַרק-שטייערקע. די שטוב איז געווען אַן אַלט-מאָדישע און מען האָט גערעדט יידיש. ערשט ווען אַננאַ הויבט אָן צו לערנען אין שול, פאַרבייט זי איר יידיש לשון אויף פראַנצויזיש און ווערט אַן עכט „פראַנצויזיש מיידל". דערביי מוז זי אויך צוהעלפן צו דער פרנסה און פאַרקויפט בלומען אויף דער גאַס.

אין איר נאָך פריסטער יוגנט שטאַרבט איר פאָטער און די מוטער מיט די איבעריקע קינדער טראָגן זיך איבער קיין לאָנדאָן. זי קומט אָן אין לאָנדאָן אין מאָמענט, ווען אין סמיטס קלוב (וואו עס איז שפּעטער געווען די פיקטיווע שרפה מיט די 17 קרבנות) שפּילט אַ יידיש טעאַטער.

נישט באַזיצנדיק די ענגלישע שפּראַך, קאָן זי דאָ ווייטער נישט ציען די פּרנסה פון פאַרקויפן בלומען און מען הויבט אָן טראַכטן וועגן אַן אַנדערער הכנסה־קוועלע. אזוי ווי די קליינע אַננאַ באַזיצט אַ שיין, אָנגענעם שטימעלע, טרעט זי אַריין אין כאָר פון יידישן טעאַטער, און באַלד ווערן זי, פּעני עפּשטיין (די שפּעטערדיקע פּירשטין וואַדיאַ) און דזשעני קייזער (די צווייטע פרוי פון יעקב פּ. אדלער) די וויכטיקסטע כאָריסטקעס, וועלכע מען טרויט אויך אָן פון צייט צו צייט אַ קליינע ראָל.

כאָטש אַננאַ איז דאַמאָלט נאָך געווען אַ קינד, אינגאַנצן 15 יאָר, פונדעסטוועגן איז זי געווען קערפּערלעך אַזוי אַנטוויקלט ווי אַ רייפע פרוי. איר פיגור איז געווען אַנטציקענד. זי פלעגט זייער פלעגן איר קערפּער, און ווען זי פלעגט אַרויפקומען אויף דער בינע, האָט אויף איר גערוט זייער פיל חן. איר האַלטונג איז געווען זייער אַ גראַציעזע, און כאָטש איר שטימע איז נישט געווען קיין גרויסע, אָבער זייער אַ מעלאָדישע, און עס האָט ניט לאַנג געדויערט, ווי דער דיריגענט פון טעאַטער, באָדאַנסקי, האָט איר אָנגעהויבן אַרויסצווייזן אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט.

פון דער קליינער סאָלאָ אין דער דאַמאָלטדיקער אָפּערעטע „גזרת פּאָרטוגאַל" איז זי באַלד אַריבער אויף אַזעלכע ראָלן, ווי „שולמית", וועלכע יעקב פּ. אַדלער האָט מיט איר איינשטודירט. אַ צווייטער גרויסער אַקטיאָר, מאַקס ראָזענטאַל, האָט מיט איר איינשטודירט די ראָל „דינה" פון „בר כוכבא".

איר מערקווירדיקע שיינקייט, איר לעבנסלוסטיקייט, איר פרייע האַלטונג צו מענער, איר זיס קול האָבן איר באַלד אַ נאָמען געמאַכט. אירע פריינט הויבן אָן צו אַגיטירן, אַז זי זאָל פאַרלאָזן די יידישע בינע, ווייל דאָ האָט זי נישט וואָס צו טאָן אין איר זשאַנר. מען עצהט איר, אַז זי זאָל פּרובן איר גליק אויף דער נישט־יידישער בינע. אין לאָנדאָן איז אָבער דאָס אוממעגלעך, ווייל זי קען נישט קיין ענגליש, און זי פאָרט דעריבער קיין פאַריז, וואו זי פילט זיך אין דער היים.

דאָ טרעט זי אויף אין 1889 אַלס שאַנסאָנעטין אין אַ פראַנצויזיש וואַריעטע־הויז, און באַלד מיטן ערשטן לידל „מאַמעניו, קויף מיר דאָס" וואָס דער אויבנדערמאָנטער באָדאַנסקי האָט פאַר איר געשריבן, רופט

זי אַרויס אַ שטורם. עס דויערט אַ קורצע צייט ווי דער נאָמען אַננאַ העלד ווערט שוין דערמאָנט אַלס „סטאַר" אין וואָדעוויל און אין מוזיקאַלישע קאָמעדיעס. איר רעפּוטאַציע פאַרשפּרייט זיך איבער די גרעסטע שטעט פון אייראָפּע, און זי הויבט אָן מיט אַן אייגענער טרופּע אַרומפאָרן איבער פאַרשידענע לענדער.

אַ קורצע צייט שפּילט זי מיט באָדאַנסקין אין אַנטווערפּען, און ווען דאָס טעאַטער, אין וועלכן זי שפּילט, פאַרמאַכט זיך, הויבט זי אָן אַרויסצוטרעטן אין פּשוטע זאַלן.

זייענדיק נאָך פון פריער צוגעוווינט צו אַ לייכט לעבן, וואַרפט זי זיך ערשט איצט רעכט אַריין אין שטראָם פון צעווילדעוועטע ליידנ־שאַפטן. זעלטן ווען, אַז זי זאָל אויפשטיין פאַר דריי נאָכמיטאָג. גאַנצע נעכט שיכורט זי. שאַמפּאַניער איז אין אירע בודואַרן אַזאַ געוויינלע־כער געטראַנק ווי וואַסער. די ליבהאָבער באַשטייען פון די סאַמע רייכ־סטע ספערן, זיי וועקסלען זיך ווי די לענטעס אין קינאָמאַטאָגראַף.

אָבער אין איין שיינעם טאָג איז געוואָרן אַ טומל אין אַנטווער־פּען — אַננאַ העלד איז נעלם געוואָרן. דאָס האָט זי אירער אַ דיי־טשער ליבהאָבער אַרויסגעגנבעט און אָפּגעפירט קיין בערלין.

דורך דער צייט האָט זי שוין באַוויזן איר רעפּערטואַר איבערצו־זעצן אויף פאַרשידענע שפּראַכן, און אין יעדן לאַנד, אין וועלכן זי איז געקומען, איז זי איצט שוין געווען היימיש. באַלד טרעט זי אַריין אין אַ דייטשן שאַנטאַן און דערווערבט זיך אַ גרויסן דערפאָלג.

דאָ פּאַסירט אַ געשיכטע ממש ווי אין די ראָמאַנען. זי ווערט שוואַנגער און איר געליבטער וואַרפט זי אַוועק. אָבער באַלד נאָכדעם ווי זי ברענגט אויף דער וועלט דאָס קינד, פאַרליבט זיך אין איר אַ רייכער פראַנצויז. ער נעמט זי צו זיך און דערציט דאָס קינד אין גרויס רחבות. איר נייער געליבטער וויל זי גערן אָפּרייסן פון דער בינע, אָבער דאָס געלינגט אים נישט. זי טרעט אַריין אין אַ גרויסן שאַנטאַן, וואו זי ווערט געוואַלטיק אַנאָנסירט. איר דערפאָלג איז אויסערגעוויינ־לעך, איר געליבטער ווערט שרעקלעך אייפערזיכטיק אויף איר, און ער דערלויבט אַפילו נישט קיין פרוי אַריינצוקומען אין איר גאַרדעראָבע.

דער נאָמען אַננאַ העלד ווערט אַ צוציאונגס־קראַפט אויך אין די אַנדערע הויפּט־שטעט, און אַזוי קומען צו פאָרן טעאַטער־דירעקטאָרן

פֿון לאָנדאָן, וועלכע בעטן זיך ביי איר געליבטן, אַז ער זאָל איר דער־לויבן צו גאַסטראָלירן פיר וואָכן אין „עמפּייר־טעאַטער" אין וועסט ענד פון לאָנדאָן. דער געליבטער וויל אין אָנהויב נישט הערן דערפון, אָבער סוף כל סוף זיגט אננא העלד, און זי פאָרט קיין לאָנדאָן.

דאָ וואַרפט זי זיך שנעל צוריק אַריין אין דעם שטורמישן לעבן און ווידער ווערן די גרעסטע נאָבעל־מענער אירע שטוב־מענטשן.

דער נאָמען אננא העלד דערגרייכט אַזש ביז אַמעריקע און זיג־פילד, דער דירעקטאָר פון דעם גרעסטן וואַריעטע־טעאַטער פון ניו־יאָרק „די זיגפילד־פאָליעס", אנגאַזשירט זי אין 1896 קיין אַמעריקע.

איר אויפטריט ווערט אָנגעזאָגט מיט גרויסע ליכט־אַנאָנסן. באַלד דערוואַרבט זי זיך אַ גרויסן נאָמען נישט נאָר אין ניו־יאָרק, נאָר אויך איבער גאַנץ אַמעריקע, וואָס זי איז דורכגעפאָרן אין דער לענג און אין דער ברייט.

זי ווערט די סענסאַציע פון טאָג.

אין משך פון איניקע יאָר ווערט איר נאָמען אַזוי פּאָפּולער, אַז אַ גרויסע טאַבאַק־פירמע, וועלכע וויל אַנאָנסירן איר אויסאַרבעטונג, באַצאָלט איר אַ ריזיקע סומע געלט, אַז זי זאָל דערלויבן אַרויסצולאָזן אויפן מאַרק פּאַפּיראָסן מיטן נאָמען „אננא העלד".

ווי די קריטיק פון יענער צייט שרייבט, האָט זי איר באַזונדערן דערפאָלג געהאַט צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס זי איז געווען אַ שיינע, אויסערגעוויינלעך חנעוודיק, פול מיט פייער, לעבנסלוסטיקייט. זי האָט געזונגען שיין און געוואוסט וועלכע לידלעך צו זינגען פאַרן עולם.

זי האָט געהאַט די פעאיקייט אויפצומונטערן דעם סאַמע פאַר־מרהשחורהדיקסטן מאַן. איר חן אין טאַנצן און זינגען האָבן אָנגע־שטעקט מיט פרייד און לוסט יעדן פון פּובליקום.

אירע שטיפערישע, חוצפּהדיקע אויגן זיינען געווען אַזוי פּאָפּולער איבער אַמעריקע, אַז זי האָט אין איינער פון אירע מוזיקאַלישע קאָמע־דיעס אַריינגעשטעלט אַ לידל מיטן נאָמען: „אַך, וואָס טוט מען מיט מיינע שטיפערישע אויגן?"

דאָס לידל האָט געהאַט אַ גוואַלדיקן דערפאָלג נישט אַזוי צוליבן אינהאַלט, ווי צוליב דעם ווי אַזוי זי פלעגט עס אויסזינגען טאַקע מיט אירע קלאָרע, שיינע גרויסע אויגן.

אנגעזעטיקט זיך מיט רום אין אמעריקע, האט אננא העלד זיך
געלאזט אויף א טורנע איבער אייראפע, און באזונדערס זיך אפגעשטעלט
אין פאריז, וואו זי איז אלס קינד געווען א בלומען־פארקויפערין. דא
האט זי דער טעאטער־עולם אויפגענומען מיט גרויס באגייסטערונג.

איר טאכטער, וועלכע איז שוין דערווייל אונטערגעוואקסן און איז
געבליבן אין אמעריקע, האט געוואלט פרובן פארטרעטן איר מוטער,
אבער זי האט ווייט נישט באזעסן איר מוטערס פעאיקייטן, און כאטש
מען האט זי אויך שטארק אנאנסירט, איז באלד מיט איר שטיל גע־
ווארן.

אין פעברואר 1918 איז זי פלוצלונג קראנק געווארן. מ'האט תיכף
צו איר ארויסגערופן די בעסטע דאקטוירים, און ווען זיי האבן זי אונ־
טורזוכט, האבן זיי אויפגעשוידערט. זיי האבן זי געפונען קראנק אויף
א שרעקלעכער קראנקהייט אלס רעזולטאט פון איר לעבנס־שטייגער.
די קראנקהייט איז באשטאנען אין דעם, וואס די ביינער פון איר קער־
פער האבן גענומען פוילן.

ארויסקומען פון דערדאזיקער קראנקהייט איז אוממעגלעך, און די
דאקטורים האבן איר אנטדעקט דעם אמת וועגן דער לאגע, אין וועל־
כער זי געפינט זיך. די גאנצע צייט פון איר קראנקהייט האט זי זיך
געפונען ביים פולן באוואוסטזיין.

נאך עטלעכע חדשים איז אננא העלד געשטארבן. א וואך פארן
טויט האט איר טאכטער, וועלכע האט זיך געהאלטן פאר א קריסטין,
באשלאסן כאטש צו ראטעווען די נשמה פון איר מוטער, און האט זי
אפגעשמדט.

„קענעדער אדלער", ד יוני 1931

# איבערגעריסן

זען אַן אַקטיאָר שפּילן אויף דער בינע אַ דערפינדער, אַ שיכור, אַ מערדער, אַ גראַף, אַ פּרינץ אָדער אַ קעניג, איז נישט קיין אויסערגעוויינלעכע זאַך. דאָס פּאַסירט אין זייער פיל פּיעסעס.

זעלטן איז אָבער, אַז אַ ווירקלעכער מערדער, אַ גראַף, אַ פּרינץ, אַ באַראָן אָדער אַ קעניג זאָלן זיין אַקטיאָרן.

שטענדיק, ווען איינער פון זיי נעמט זיך שפּילן טעאַטער, רופט עס אַרויס אַ גרויסן אינטערעס ביים פּובליקום, מען לייגט דאַן נישט קיין אַכט אויפן עצם שפּילן, נאָר אויף דעם ו ו ע ר עס שפּילט.

זען אויף דער יידישער בינע שפּילן אַן אַקטיאָר אין דער ראָל פון אַ חזן, אַ שמש, אַ רב, להבדיל אַ משומד אָדער אַ גר, איז נישט קיין נייעס. יאָרן־לאַנג איז די יידישע בינע פאַרפלייצט געוואָרן מיט אַזעלכע טיפּן.

דערפאַר אָבער זיינען שוין רבנים, שמשים, משומדים אָדער גרים אַלס יידישע אַקטיאָרן זעלטן און דעריבער אינטערעסאַנט.

ווער האָט עס אין אַמעריקע און אין גאַליציע נישט געהערט פון משה שאָר?

מען קען אים אַלס אַקטיאָר, אַלס טעאַטער־דירעקטאָר און אַלס פּיעסעס־שרייבער.

אין אייראָפּע, פון וואַנען ער שטאַמט, קען מען אים נאָר אַלס פּיעסעס־שרייבער, נאָך ריכטיקער, אַלס פאַרפאַסער פון „אַ מענטש זאָל מען זיין".

האָט אָבער ווער אַ טראַכט געטאָן, ווי אַזוי קומט משה שאָר (אַנשעל שאָר טראָגט נאָר דעם זעלבן פאַמיליע־נאָמען, אָבער זיי זיינען נישט קיין קרובים) צום טעאַטער?

און טאָמער האָט יאָ ווער געטראַכט, איז ער געוויס געקומען צום באַשלוס, אַז דאָס איז געשען געוויינלעך ווי ביים גרעסטן טייל יידישע אַקטיאָרן, ד. ה. געוויס איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַקטיאָרן, געווען אין אַ דראַמאַטישן קלוב, געווען אין אַ כאָר א. ד. גל.

אָבער דאָס מאָל האָט מען אַ טעות: משה שאָר איז געוואָרן אַן אַקטיאָר ביי זיין פאָטער דעם רב ר׳ זעליג שאָר.

זעליג שאָר האָט ער נאָך געהייסן אויף דער בינע. אין דער אמתן איז זיין נאָמען געווען יוסף־אהרן זעליג שאָר און געבוירן געוואָרן איז ער אין יאָר 1836 אין אַ קליין שטעטל אין גאַליציע.

דאָרט איז זעליגס פאָטער געווען רב, און אַזוי ווי דער פאָטער איז באַשאָנקען געוואָרן מיט 10 זין, האָט ער זיי איינגעטיילט אַלס רבנים איבער גאַליציע.

זעליג איז געווען דער עלטסטער זון, און ווען זיין פאָטער איז געוואָרן רב אין אַן אַנדער שטעטל, האָט די שטאָט פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל ווערן רב אויף זיין פאָטערס אָרט. דאָס איז נאַטירלעך געווען זייער אַ גלייכע זאַך.

זעליג, וועלכן מען האָט גערופן דער „עלוי פון פוילן", האָט, ווי דער שטייגער איז, יונג חתונה געהאַט. צו 16 יאָר האָט ער גענומען אַ בת־יחידה פון גרעסטן יחוס, אַ רבס אַ טאָכטער, וועלכע איז צו דער חתונה אַלט געווען אינגאַנצן 14 מיט אַ האַלב יאָר. דאָס יונגע ווייבל, משה שאָרס מאַמע, הייסט עס, האָט געלערנט איר מאַן אַביסל „דייטש".

זעליג הויבט אָן איינצוזען, אַז עס איז פאַראַן אַ וועלט אויסער דער גמרא. ער פאָרט קיין בראָד. דאָרט געפינט זיך אַ סביבה פון משכילים: ר׳ נחמן קראָכמאַל, זיין קרוב יהושע־העשל שאָר, וועלכער גיט אַרויס אַן אַפּיקורסיש בלאַט „החלוץ", יצחק לעטערס און דר. גרעץ. די אַלע משכילים כאַפּן זיך צו צו דעם יונגעמאַן מיט דעם עלווישן קאָפּ. זיי זעען, אַז ער דורשט נאָך וויסנשאַפט און זיי הויבן אים אָן לערנען.

אין יענער צייט קומט עס דער פאָרשלאַג, אַז זעליג שאָר זאָל ווערן רב. ער וואַרפט אָבער אָפּ דעם פאָרשלאַג. ער דערקלערט דייטלעך, אַז ער איז נישט אַזוי פרום צו קאָנען זיין אַ רב פאַר פרומע יידן.

תשעה־באב ווערט אין שטעטל ווען מען דערהערט, וואָס עס איז נע־
בעך געוואָרן מיטן אַלטן רבם עלטסטן זון.
די פאַמיליע איז שרעקלעך אויפגעבראַכט אויפן אַפּיקורס, און
מען הויבט אים אָן פאַרפאַלגן, אָבער זעליג גיט זיך נישט אונטער,
און דאַן באַנוצט מען לגבי אים אַ מיטל, וועלכעס מ׳פלעגט אָפט באַ־
ניצן כדי אויפצוצווינגען מענטשן צו ענדערן זייערע איבערצייגונגען:
מ׳נעמט ביי אים אַוועק זיין יונג ווייב.
זעליג קאָן דאָס נישט אַריבערטראָגן, ער וואַנדערט אויס פון
בראָד קיין רומעניע. דאָ ווערט ער אַ לערער און גלייכצייטיק לערנט
ער זיך אַליין ווייטער. עס דויערט אַ שטיקל צייט און ער דערגרייכט
דעם הויכן פּאָסטן פון דירעקטאָר פון דער שטאָטישער שול אין גאַ־
לאַץ. אויפן דאָזיקן פּאָסטן אַרבעט ער מיט אַזאַ איבערגעבנהייט, אַז
ווען דער קעניג קאַרל מיט זיין מיניסטער, דעם אַלטן בראַטיאַנו, באַ־
זוכן די שול, גיבן זיי אים אָן אויסצייכנונג.
אין גאַלאַץ באַקענט זיך זעליג שאָר מיט דעם נעסטאָר פון דער
העברעאישער השכלה־ליטעראַטור פּרץ סמאָלענסקין און מיט דעם
העברעאיש־יידישן פאָלקס־דיכטער וועלוול זבאַרזשער (ערענקראַנץ).
זעליג שאָר איז שוין מאַטעריעל איינגעאָרדנט, זעלבסטשטענדיק, און
נאָך אָנשטרענגונגען געלינגט אים צוריק זיך צו פאַראייניקן מיט זיין
פרוי און קינדער. זעליג שאָר ווערט רעליגיע־פּראָפעסאָר אין פּרינץ־רו־
דאָלף־גימנאַזיע. איצט איז די בעסטע צייט צו פירן אַ רואיק לעבן.
אַזוי זאָגט דער שכל. אַנדערש זיינען אָבער די געפילן ביי זעליג
שאָר. גראָד אַזוי ווי ווען ער איז געווען פרום, און געדאַרפט ווערן אַ
רב, האָט אים געצויגן צו אַן אַנדער לעבן, אַזוי האָט אים איצט ווידער
געצויגן צו אַן אַנדער לעבן.
ער האָט פאַר זיך אַ מוסטער טאַקע דעם וועלוול זבאַרזשער,
וועלכער איז אַ נע־ונדניק און זינגט זיך זיינע לידער ווי אַ וואַנדערנ־
דער פויגל. און זעליג שאָרן ציט צום דאָזיקן לעבן, צום לעבן פון אַ
נע־ונדניק, און וואו קאָן מען   אַ ז אַ לעבן פירן   ערגעץ־אַנדערש
ווי ביים יידישן טעאַטער?
אין יענער צייט, אין יאָר 1879, האָט זיך אברהם גאָלדפאַדען
מיט זיין טרופּע איבערגעטראָגן קיין אָדעס. זעליג שאָר פאָרט דאָרט

אהין. אלס משכיל זוכט ער זיך אפ בלויז משכילים: גאלדפאדען, שמ"ר־שייקעוויטש, משה־לייב ליליענבלום, יהודה־יצחק לערנער, — אלע דרייען זיך ביים יידישן טעאטער, אבער ביי די זעלבע משכילים איז פארהאן א שטארקע ליבע צו העברעאיש. זיי קאנען זיך נישט גלויבן אז יידיש איז אויך א שפראך, און אזוי פלאנעוועט זעליג שאר צוזאמען מיט יצחק לערנערן, דעם שפעטערדיקן יידישן איבערזעצער פון „אוריאל אקאסטא" און טעאטער־דירעקטאר, צו גרינדן א העב־רעאיש טעאטער.

דאס לעבן באווייזט זיי אבער באלד, אז דאס איז דערוויל נישט מער ווי א פאנטאזיע. אבער זעליג שאר האט זיך שוין אין קאפ ארייני־גענומען טעאטער, און ער קאן זיך שוין מער דערפון נישט אפרייסן. ער הויבט, אלזא, אין א יאר ארום אן צו שפילן אויף דער יידישער בינע אין אדעס. דערנאך פארט ער קיין רומעניע. אבער אים ציט צו זיין היימאטס־ארט, קיין גאליציע, און 25 יאר שפילט ער אין גאלי־ציע אונטער דער דירעקציע פון בארימטן דירעקטאר יעקב־בער גימ־פעל.

איך האב שארן נישט געזען שפילן, נאר מסתמא האט ער זיך אויסגעצייכנט אלס אקטיאר, ווייל מען האט אים גערופן „דער יידי־שער זאנענטאל", און זאנענטאל, ווייסן מיר, איז געווען א גרויסער טאלאנט.

זעליג שאר איז אויך געווען א יאר אין אמעריקע, אבער עס האט אים דא „נישט גענומען", און ער איז באלד צוריקגעפארן קיין גא־ליציע, וואו ער איז דעם ערשטן טאג פסח 1909 געשטארבן.

איבערגעלאזט האט זעליג שאר 5 קינדער: 2 טעכטער און 3 זין. די עלטסטע טאכטער, רבקה, איז א קורצע צייט געווען א נישט־בא־דייטנדע יידישע אקטריסע, איין זון, שלמה, איז א יידישער אקטיאר אין גאליציע, און איין משה איז... וואס ער איז, איז ער, נאר קיין רב איז ער שוין נישט.

מיט זעליג שארן האט זיך געענדיקט א דינאסטיע פון רבנים פון דור־דורות.

„טעאטער־צייטונג", נ' 4, 1928

# הערשעלע לאַדזשער

עס איז נישט מיין אויפגאַבע צו שרייבן אַן אָפּשאַצונג וועגן הערשעלע יעדוואַבן אַלס אַקטיאָר. איך גלויב, אַז דאָס איז שוין גע־טאָן געוואָרן פון מיינע לאָדזשער קאָלעגן תיכף ווי דער לאָדזשער הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה. איך שטעל מיר נישט פאָר, אַז לכל־הפּחות די לאָדזשער יידישע פּרעסע זאָל נישט האָבן באריכות געשריבן וועגן יעדוואַבן, כאָטש נאָכדעם ווי ער פער־זענלעך האָט שוין גאָרנישט געקאָנט קיין הנאה האָבן דערפון...

הגם איך האָב יעדוואַבן געקענט א סך יאָרן, פונדעסטוועגן וואָלט איך מיך נישט געהאַלטן פאַר גענוג קאָמפּעטענט צו כאַראַק־טעריזירן אים אַלס שוישפּילער. ווי אין חלום געדענק איך אים אַלס ליבהאָבער־שוישפּילער אין די לאָדזשער דראַמאַטישע פאַראיינען, אַזוי איז אויך פאַר מיר מטושטשדיק די געשטאַלט פון „יאַנקל שאַפּ־שאָוויטש" אין שלום אַשס „גאָט פון נקמה", וועלכע ער האָט געשאַפן נאָך פאַר די פּראָפעסיאָנעלע יידישע אַקטיאָרן. עפּעס האָט זיך אָט דידאָזיקע, כאָטש ניט גענוג קלאָרע פיגור, אַזוי איינגעקריצט אין מיין זכרון, אַז שפּעטער, ווען איך האָב געזען דוד קעסלערן אין דער זעל־בער ראָל — קעסלער, וועלכער האָט מיט דערדאָזיקער ראָל זיך איינ־געקויפט מער ווי א העלפט פון זיין קינסטלער־יחוס, — האָט אַלץ גע־עגבערט ביי מיר דער חשד, אַז יעדוואַב איז געווען א סך אינערלעכער ווי קעסלער אין דער ראָל.

יעדוואַב איז בטבע געווען א פּחדן, ער האָט זיך תמיד געשראָקן, אַז ער האָט נישט יוצא געווען, אַז ער איז נישט גערעכט, אַז עפּעס טוט ער נישט ריכטיק. אמת, אַז מיטן מויל האָט ער עס נישט ארויסגעזאָגט, אָבער זיינע בלאָנדזשענדיקע אויגן האָבן דאָס גע־

זאָגט אויף שריט און טריט, און דערפאַר איז זיין נישט - זיכערער „יאַנקל שאַפּשאָוויטש" געווען אַזוי זיכער.

שפּעטער געדענק איך יעדוואַבן דעם „העברעאישן אַקטיאָר". דאָס האָב איך אים אַריינגעצויגן אין דער „העברעאישער אַוואַנטורע" מיט יוליוס און עמיליע אַדלער אין דער שפּיץ. און יעדוואַב, וועלכער איז געווען אַ קנאַפּער ידען אין העברעאיש, האָט זיך אַזוי זיכער געפילט אין זיין העברעאישער ראָל אַלס „וואַסערשטיין" אין דר. הערצלס „נייע געטאָ", אַז ער האָט אַלעמען געבראַכט צום דערשטוינען. ער האָט ממש געלעבט אין דער ראָל פון דעמדאָזיקן מעקלער, ווידער אַן אומרואיקער, נישט זיכערער מענטש.

דערנאָך איז געקומען די צייט, ווען יעדוואַב איז אַריין אין פּראָפעסיאָנעלן יידישן טעאַטער און זיך נישט געפונען. ער האָט דאָ, כאָטש אַרומגערינגלט — צוליב דער מלחמה — מיט שוואַכע אַקטיאָרן, נישט באַוויזן אַרויפצושווימען אויף דער אויבערפלאַך. ער איז געבליבן אין אַנסאַמבל. ערשט דער פּאָליטישער מאָנאָלאָג, וועלכן ער האָט אַרויפגעבראַכט אין דער צייט פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע, טאַקע קעגן די אָקופּאַנטן, האָט אים אַרויסגעצויגן אין פאָדערגרונט און יעדוואַב איז איניקע יאָרן געווען אַ שם-דבר אין דער יידישער טעאַטער-וועלט אין מזרח-אייראָפּע און ביים דאָרטיקן פּובליקום.

אָבער, ווי געזאָגט, האָב איך נישט ברעה צו כאַראַקטעריזירן דעם אַקטיאָר יעדוואַב.

יעדוואַב איז פאַר מיר מער ווי בינע-אַקטיאָר, נישט דאָס איז געווען זיין ספּעציאַליטעט. ער איז בטבע געווען אַ לץ, אַ חוזק-מאַכער, אַ שפּאַס-טרייבער, אַ שאָלטיק, אַ מאָדערנער בדחן אָדער בכלל אַ מענטש, וואָס האָט געזען די וועלט מיט קאָמישע ברילן.

אַזעלכע זיינען געווען מאָטקע חב"ד, הערשעלע אָסטראָפּאָליער. גאַנצע בערג מיט קאָמישע מעשיות, לצנות, משונהדיקע איינפאַלן ווערן וועגן זיי דערציילט, און דער כוח פון אָט די מעשיות איז אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן פּאָפּולער געמאַכט דעם נאָמען פון מאָטקע חב"ד און הערשעלע אָסטראָפּאָליער. איך בין פעסט איבערצייגט, אַז דער גרעסטער טייל מעשיות, וואָס ווערן דערציילט, האָבן נישט פּאַסירט

מיט מאָטקע חב'ד אָדער מיט הערשעלע אָסטראָפּאָליער, פּאַסירט האָבן זיי אָדער בכלל נישט אָדער מיט אַנדערע. נאָר דאָס פאָלק שאַפט זיך זיינע גבורים פון לצנות און האָט זיך געשאַפן מאָטקע חב'ד און הערשעלע אָסטראָפּאָליער, דעריבער זאָגט מען, אָדער מען פאַרשרייבט אַלע מעשיות אויף זייערע נעמען.

דעם זעלבן כאַראַקטער טראָגן אויך די מעשיות, וועלכע מען דערציילט וועגן הערשל יעדוואַבן. ווער ווייסט עס נישט פון דער מע־שה, ווי אַזוי הערשל יעדוואַב איז אַוועק און צוריקגעקומען קיין לאָדזש?

די מעשה דערציילט זיך אַזוי:

הערשל יעדוואַב איז נאָך דעמאָלט געווען אַ שערער, און ווי די טעקסטיל־שערער צו יענער צייט, איז ער געווען זייער פרום און פלעגט יעדן טאָג גיין דאַווענען מיט מנין. איז יעדוואַב איינמאָל אינ־דערפרי אַהיימגעקומען פון דאַווענען און זיך געזעצט עסן פרישטיק. זאָגט אים דאָס ווייב, אַז די זופּ איז נאָך נישט איבערגעקאָכט און ער וועט דאַרפן וואַרטן עטלעכע מינוט, ענטפערט הערשל, אַז אויב אַזוי, גייט ער דערווייל אויפשרויפן די לאָדנס.

און דער „דערווייל" האָט געדויערט נישט מער ווי זיבן יאָר.

יעדוואַב האָט זיך אויפגעהויבן, און איז אַוועק אָן אַ זיי־געזונט קיין אַמעריקע, און אַפילו מיטגעמאַכט אַן ערדציטערניש אין סאַן־פראַנציסקאָ. וואָס ער האָט געטאָן אין אַמעריקע זיבן יאָר, האָט ער קיינמאָל קיינעם נישט דערציילט. דעם ווייב און קינדער האָט ער די גאַנצע צייט קיין וואָרט נישט געשריבן, נאָר איינמאָל אינדערפרי, טאַקע נאָך די זיבן יאָר, האָט יעדוואַבס ווייב געהערט ווי מען דרייט זיך עפּעס ביי די לאָדנס און מען שרויפט זיי. זי איז געווען זיכער, אַז דאָס איז עפּעס אַ גנב. ערשט צום סוף — ברוך־הבא, אַ גאַסט, הערשל יעדוואַב איז דאָ, און אַזוי ווי קיינמאָל גאָרנישט, ווי עס וואָלטן נישט אַריבער קיין זיבן יאָר זינט ער איז אַרויסגעגאַנגען אויפשרויפן די לאָדנס, גיט ער זיך אַ פרעג:

— נו, די זופּ איז שוין פאַרטיק?

אָדער די מעשה ווי אַזוי הערשל האָט געהאַנדלט מיט אויסגע־שפּילטע לאָטעריע־צעטלען:

ער האָט מיר די מעשה טאַקע אַליין דערציילט. איינמאָל, ווען ער האָט געזען, אַז ער האָט נישט קיין פּרנסה, האָט ער זיך מישב גע־ווען, אַז ער וועט גאָר ווערן אַ לאָטעריע־קאָלעקטאָר. האָט ער גענומען די אויסגעשפּילטע לאָטעריע־צעטלען, וועלכע זיינען געבליבן ניי, נישט פאַרקויפטע, און האָט מיט די קנאַקעדיקע נייע (אָבער שוין ניט גילטיקע) צעטעלעך זיך געלאָזט אין אַ דייטשן דאָרף נעבן פּאַביאַניץ. דאָרט האָט ער די נאַאיווע דייטשן איינגערעדט, אַז זיי זאָלן קויפן בי־ליק צעטלען, אויף וועלכע מען קאָן געווינען צוואַנציק טויזנט רובל. ער האָט אַליין באַשטימט אַ טאָג פאַר דער ציאונג, און כדי נישט צו פאַרלירן זיינע קונים, איז ער אין אַ געוויסן זונטאָג געקומען צולויפן מיט דער גוטער בשורה, אַז עפּעס איינער, היינריך מילער, האָט גע־וואונען. וויפל דער היינריך מילער האָט געוואונען, האָט מען ביי יעד־וואַבן בשום אופן נישט געקאָנט דערגיין, ערשט ווען מילער אַליין איז געקומען, איז אים יעדוואַב באַפאַלן מיט אַזאַ גדולה, אַז דער דייטש איז געווען זיכער, אַז ער האָט געפּאַקט דאָס אמתע גרויסע גע־ווינס, און לכבוד דעם געווינס און לכבוד דעם „ערליכן יודע" האָט מען גענומען שטעלן ביר. ווען דער עולם איז שוין געווען גוט באַ־שנאָשקעט, איז יעדוואַב אַרויס מיט לשון, אַז דער דייטש האָט גע־וואונען דאָס קרן־געלט. דאָס ביסל ביר מיט די אַנדערע צובייסן האָבן אַריינגעבאַפּט אפשר צוואַנציק מאָל מער ווי דאָס געווינס, אָבער יעדוואַב האָט אַלץ גערעדט מיט אַזאַ התפּעלות וועגן דעם, וואָס פאַר אַ גליקלעכער מענטש דער היינריך מילער איז, אַז דער דייטש האָט מקבל באהבה געווען די הוצאות, וואָס יעדוואַב האָט געמאַכט.

—איר זענט אַ מזלדיקער — האָט יעדוואַב געשריגן, — היינט האָט איר געוואונען אייער קרן, אַן אַנדער מאָל וועט איר געווינען פינף טויזנט רובל, שפּעטער צען, ביז איר וועט פּאַקן דאָס אמתע גרוי־סע געווינס.

און די דייטשן האָבן געהאַט הנאה פון יעדוואַבס הבטחות און האָבן געטרונקען אַ גאַנצן זונטאָג לחיים און געבליבן אויף אַ לענגע־רער צייט יעדוואַבס קונים.

און ווער ווייסט עס נישט די מעשה ווי אַזוי יעדוואַב האָט זיך אָפּגערעכנט מיט אַ פאַבריקאַנט, אַ חזיר, אין פּאַביאַניץ?

יעדוואַב האָט זיך אויסגעפּוצט אין אַ שיינעם פּאַלטאָ, אין אַ הארטן קאַפּעלוש און אַ פיינעם שטאָק אין האנט און איז אַוועק צו אַ פאַבריקאַנט אין פּאַביאַניץ, געהייסן זיך אַרויסשלעפּן די סאַמע אונ־טערשטע שטיק מאַנופאַקטור, אָנגעלייגט גאַנצע שטויסן סחורה, זיך געדונגען וועגן פּרייז און געקוועטשט דעם פאַבריקאַנט ביז דעם לעצטן און ערשט, ווען מען האָט גענומען אויסשטעלן דעם רעכענונג, איז זיך אַריינגעקומען יעדוואַבס אַ פריינט, ווי ס'איז געווען פריער אָפּ־גערעדט, און דערזעענדיק יעדוואַבן, האָט ער אויסגעשריען בקול רם: „הערשל ליץ, וואָס טוסטו דאָ?"

דער פאַבריקאַנט, וועלכער איז געווען זיכער, אַז ער האָט פאַר זיך אַ גרויסן צוגעפּאָרענעם סוחר, איז געפאַלן אין חלשות, הערנדיק ווער זיין קונה איז.

ווי קומט עס טאַקע, וואָס יעדוואַב איז געווען אַזאַ ליץ? איך האָב אים אַמאָל געשטעלט די פראַגע און ער האָט מיר דערויף גע־ענטפערט מיט אַזאַ מעשה: אויף אַ ישוב, נישט ווייט פון שטעטל וואו זיין זיידע האָט געוואוינט, האָט געלעבט אַ בעקער, וואָס איז געווען באַרימט אין דער גאַנצער געגנט אַלס אַ שרעקלעכער קאַרגער. ער איז בכלל געווען אַ רשע און האָט שלעכט באַהאַנדלט זיינע בעקער־גע־זעלן, אַזוי, אַז זיי האָבן זיך ביי אים נישט געהאַלטן, און כמעט שטענדיק איז ער געווען אָן געזעלן. יעדוואַבס פאָטער, דאַמאָלט נאָך אַ בחורל פון אַ יאָר דרייצן, האָט באַשלאָסן אָנצולערנען דרך־ארץ דעם קאַרגן בעקער. איז ער איינמאָל אין אָוונט געקומען צו אים און אים געבעטן ער זאָל אים צונעמען צו דער אַרבעט. דער בעקער האָט זיך אין אָנהויב אָפּגעזאָגט, ערשט ווען דאָס בחורל האָט זיך שטאַרק געבעטן, האָט ער געפּועלט ביים בעקער, אַז אַזוי ווי ער איז מיד, זאָל ער גיין שלאָפן און ער וועט שוין אַכטונג געבן אויפן ברויט, וואָס שטייט אין אויוון. דער בעקער האָט נישט געוואָלט מסכים זיין דער־צו, אָבער דאָס בחורל האָט אים סוף כל סוף איבערגערעדט און דער בעקער איז אַוועק שלאָפן. ווען דאָס בחורל, הערשל יעדוואַבס פאָטער, האָט געהערט, אַז דער בעקער שנאָרכט שוין, האָט ער אויסגעשאָטן אין גרוב פון אויוון צוויי זעקלעך מעל, האָט זיי באַגאָסן מיט עטלעכע עמער וואַסער, האָט אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ און איז אַרויס דורכן

פענסטער. א בעקערס נאָז האָט דאָך אָבער א חוש, האָט דער בעקער אין שלאָף דערשפּירט, אַז דאָס ברויט אין אויוון ברענט זיך, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און אַריינגעלאָפן אין דער בעקעריי, ערשט — ס'איז פינסטער. פאַרשטייט ער, אַז דאָס בחורל, וועלכן ער האָט פרי־ער איבערגעלאָזט, שלאָפט מסתמא, נעמט ער אים רופן, אָבער קיינער רופט זיך נישט אָן. איז שוין דער בעקער מלא רציחה און האָט שטאַרק חרטה, וואָס ער האָט זיך געלאָזט צוריידן פון בחורל צו גיין שלאָפן, וואָרום ווער ווייסט צי דאָס גאַנצע טייג איז שוין נישט פאַרברענט. און אָט אַזוי טראַכטנדיק לאָזט זיך דער בעקער אין דער פינסטער אַראָפּ אין גרוב, ערשט ער שטעלט א פוס, נעמט זיך דער פוס קלעפּן. ער וויל ווייטער גיין, ער קאָן נישט. א ביסל פאַרשלאָפן איז ער נאָך געווען, איז אים איינגעפאַלן, אַז נישט אַנדערש ווי דאָס האַלטן אים שדים און, אַז דאָס בחורל איז גאָר קיין בחורל נישט געווען, נאָר אויך איינער פון יענער חברה. כאַפּט ער אַרויס דעם טלית־קטן און נעמט שרייען שמע ישראל, קומט מען צולויפן. מען מאַכט ליכטיק. דער בע־קער איז מער טויט ווי לעבעדיק, קוים מען דערמינטערט אים, און שפּעטער, ווען ער איז געקומען צו זיך און גענומען דערציילן וואָס ס'איז פאָרגעקומען, האָבן עטלעכע יידן, לויט די אָנגעגעבענע סימנים, דערקענט ווער דאָס בחורל איז געווען און אונזער בעקער האָט באַ־שלאָסן מאָרגן, אם ירצה השם, אינדערפרי, גיין צום בחורס פאָטער און דערציילן די גאַנצע מעשה און טאַקע פאַרלאַנגען גוט צו מאַכן דעם היזק.

איצט לאָמיר לאָזן דעם בעקער און זען, וואָס איז געוואָרן מיט יעדוואַבס פאָטער נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעטאָן זיין שפּיצל. אַזוי ווי ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער בעקער וועט זיך דערוויסן ווער ער איז און וועט קומען אהיים צו זיי מאָנען דעם היזק, איז ער אים פאַרלאָפן דעם וועג און דערציילט זיין פאָטער, דאָס הייסט, יעדוואַבס זיידן, א מעשה, אַז דאָ וועט אוודאי מאָרגן קומען א בעקער מיט א גאַנצער מעשה, זאָל אים דער פאָטער גוט אויסהערן און דערנאָך זאָגן, אַז ער קאָן אים גאָרנישט העלפן, ווייל זיין זון, דאָס הייסט, דאָס בחורל קעגן וועמען ער באַקלאָגט זיך, איז לא עלינו משוגע, און ווער קאָן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר א משוגענעם? צומאָרגנס אינדערפרי איז דער

בעקער טאַקע געקומען צו יעדוואַבס זיידע און מיט אַ געפּילדער אים דערציילט, וואָס זיין תּבשיט האָט אים אָפּגעטאָן, און דעריבער פאַרלאַנגט ער כּך־וכך קערבלעך פאַר דעם היזק און כּך־וכך קערבלעך פאַר דער בושה.

אויסגעהערט די טענות, זאָגט יעדוואַבס זיידע:

— איר זענט גערעכט, מיין ליבער בעקער, אָבער וואָס קאָן איך טאָן, אַז מיין זון איז לא עליכם אַ מטורף, משוגע?!

— וואָס דערציילט איר מיר מעשיות — שרייט דער בעקער. — משוגע, מען ווייסט שוין די תירוצים, עס וועט אייך גאָר נישט העלפן, איר וועט מיר מוזן באַצאָלן.

און אָט אין דעם געפּילדער האָט זיך שטיל געעפנט די טיר און הערשל יעדוואַבס פאָטער איז שטיל אַריין, האָט זיך צוגעגנבעט פון הינטן צום בעקער און אים אַ ביס געטאָן אין אויער.

דער בעקער האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי: „אוי!"

— נו, איר זעט, מיין ליבער בעקער — האָט יעדוואַבס זיידע זיך אָנגערופן, — אַז מען זאָגט אייך משוגע, זאָלט איר גלייבן.

— אָט דאָס איז געווען מיין פאָטער — האָט מיר הערשל יעדוואַב פאַרענדיקט די מעשה, — היינט ווייסטו שוין פון וואַנען עס שטאַמט מיין לצנות?

— — — — — — — — — — — — — —

היינט, אין טאָג פון הערשעלע יעדוואַבס יאָרצייט, איז נישט מער ווי רעכט צו דערמאָנען זיין אָנדענקען נישט דורך וויינען און דערציילן די ליידן, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען אַלס יידישער אַקטיאָר, נאָר לאַכן פון זיינע מעשיות, פון זיינע לצנות, פון די שטיקלעך און שפּיצלעך, פון דעם „לאָדזשער הערשעלע אָסטראָפּאָליער".

„נייער פאָלקסבלאַט", 27־25 נאָוועמבער 1932

# דער אומבאַקאַנטער סאָלדאַט

געווען אַמאָל צייטן, ווען מ׳האָט געוואוסט נאָר וועגן אַרמיי־פי־רער, וועגן די קאָמאַנדירן פון די חיילות. מ׳האָט געהאַלטן, אַז אַלע נצחונות דאַרפן פאַרשריבן ווערן אויף זייער חשבון, אַז נאָר זיי האָט מען צו פאַרדאַנקען די געוואונענע מלחמות.

געקומען אָבער אַ צייט, וואָס מ׳האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז דער קלוגסטער אַרמיי־פירער, דער טיכטיקסטער קאָמאַנדיר קאָן קיין העלד נישט זיין, אויב ער האָט נישט הינטער זיך אַן אַרמיי, אויב ער האָט נישט הינטערן רוקן קיין יוצר משרתים ואשר משרתים און — אַז טיילמאָל גיבן גאָר די יוצר משרתים אַוועק אַ סך פון זייער חלק אויפן חלק פון זייערע קאָמאַנדירן.

געקומען אַ צייט, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן אָפּגעבן כבוד אָט די פשוט־טע סאָלדאַטן, אָט די יושב בסתרדיקע העלדן, די נחבאים אל הכלים. כבוד פאַר דעם סאָלדאַט, וואָס זיין נאָמען בלייבט אומבאַקאַנט, נאָר ער טראָגט בלויז אַ נומער.

אויפן שלאַכטפעלד פון יידיש, וואָס הייסט יידיש טעאַטער, זיינען פאַרהאַן אַ ריי אַזעלכע אומבאַקאַנטע סאָלדאַטן, וואָס טראָגן נישט קיין נאָמען, נאָר טראָגן בלויז „נומערן".

ווען מען זאָל דורכפירן אַן אַנקעטע צווישן יידישן טעאַטער־פּוב־ליקום, וויפיל דראַמאַטורגן און אַקטיאָרן קען עס ביי די נעמען, וואָלט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיר זיינען נאָך אָרעמער ווי מיר זיינען באמת.

אַ ייד גייט אין טעאַטער אַריין איין מאָל, צוויי מאָל, אַ סך מאָל. ער גייט אין ט ע אַ ט ע ר, אָבער ער ווייסט נישט ו ו ע מ ע ן מען שפּילט און ו ו ע ר עס שפּילט.

דאָס איז חלילה נישט מחמת דעם געפיל פאַר קאָלעקטיוויזם, ניין, נאָר מחמת גרינגשעצונג צום טעאַטער: מען האָט נאָר אינטערעס צו פּטרן דעם אָוונט, צו פאַרברענגען, אָבער נישט צו דעם צוליב וואָס מען גייט אוועקגעבן די עטלעכע שעה. אָבער דאָ און דאָרט זיינען דאָך פאַראַן יידן, וואָס ווייסן דעם נאָמען פון מחבר, פון סטאַר, דעם ערשטן אַקטיאָר, אָדער פּרימאַדאָנע, נאָך ווייטער, אַפילו פון אַ געווייג־לעכן אַקטיאָר — אָבער פון סופלער — קיינער נישט.

דעם אַקטיאָר זעט מען נאָך, זיין נאָמען שטייט אויפן פּראָגראַם, אויפן אַפיש, אין דער צייטונג.

דער סופלער שטייט אָבער אין ערגעץ נישט. ער באַווייזט זיך קיינמאָל נישט פאַרן עולם, דער עולם טאָר אים נישט זען און טאָר אים נישט הערן. אויב ער ווערט דערמאָנט, איז עס נאָר צום שלעכטן — טאַקע דערפאַר, וואָס מען האָט אים י אָ ג ע ה ע ר ט.

עס קאָן זיין, אַז עס וועט קומען אַן אַנדערע צייט, ווען דער סופלער וועט מער נישט שפּילן זיין איצטיקע ראָל אין יידישן טעאַטער. דאָס נייע טעאַטער האָט היינט צוהילף גענומען אַ סך נייע עלעמענטן אויפן חשבון פון מחבר, און אויב מען קאָן מל זיין דעם מחבר, טאָ קאָן מען דאָך דעם סופלער אינגאַנצן מסרס זיין. אָבער אין ביז־איצטיקן יידישן טעאַטער האָט דער אומבאַקאַנטער סאָלדאַט, דער סופלער, געשפּילט אַ זייער גרויסע ראָל. ער איז די הייבאַם פון אַקטיאָר, ער ברענגט אים ארוים אויף דער בינע.

געוועזן אַ צייט, ווען דער סופלער איז געווען דער אינטעליגענט פון דער טרופּע. ער האָט געמוזט יעדע פּיעסע איבערזעצן פון יידיש אויף דייטש... (דערמאָנט זיך אין פאַרבאָט אין רוסלאַנד צו שפּילן יידיש טעאַטער). געוועזן איז (הלוואי עס זאָל מער נישט זיין) אַ צייט, ווען דער סופלער איז, ווי אַ קאַפּיטאַן פון אַ שיף, וועלכע שטויסט זיך כסדר אָן אויף כוואַליעס.

וויפיל יידישע אַקטיאָרן האָבן נעבעך נישט געלעבט בשלום מיט דער עברי, אָדער האָבן בעסער זיך געוואָלט באַקענען מיטן מלך פון קאָרטן, ווי מיטן מלך פון דער פּיעסע, און זיך פאַרלאָזט אויפן סופלערס באַראָט.

וויפיל פּיעסעס ווערן רעזשיסירט ערשט בעת דער פאָרשטעלונג דורכן סופלער פון קאַסטן אַרויס.

אָבער ווי זאָגט „קין": „פונדעסטוועגן בלייבט זיך לאָרד מעלוויל א לאָרד, און איך, קין — א קאָמעדיאַנט".

לאָמיר עס איבערפראַזירן: „פונדעסטוועגן האָבן דעם כבוד דער אַקטיאָר אָדער רעזשיסער, און דער סופלער בלייבט סופלער".

אַז שטענדיק זיצט דאָך דאָס פּובליקום הינטער זיין רוקן, און הינטערן רוקן מעג מען דאָך זאָגן וואָס מען וויל.

ווילט זיך אַמאָל זאָגן אָט אַזאַ אומבאַקאַנטן סאָלדאַט, אָט אַזאַ נומער, ווי עס איז פאַרן יידישן טעאַטער אונזער יובילאַר וואָלף נייהויז:

— א סאָלדאַט איז דער, וואָס טוט זיין פליכט, און מאָנט נישט מען זאָל אים באַלוינען פאַר זיין אַרבעט. דערוויייל האָט נאָך דער קעניג יושר נישט אַראָפּגענידערט אויף אונזער וועלטל, און דערוויייל גענישן נאָך כבוד א סך גענעראַלן אין זכות פון זייערע סאָלדאַטן.

„לאָדזער טאַגעבלאַט", 1 אַפּריל 1930

# אַקטיאָרישער טויט

נישט שטענדיק איז דאָס טעאַטער אַ שפּיל, אַמאָל איז דאָס לעבן, דאָס אמתע,ווירקלעכע לעבן, אַ טעאַטער־שפּיל.

אַזאַ שפּיל האָט דאָס לעבן אָפּגעשפּילט מיט זיגמונט פיינמאַנען אויף די ברעטער פון לאָדזשער „גרויסעם טעאַטער".

פיינמאַן איז דאַמאָלט געווען אין זיין גלאַנץ־פּעריאָד. ער האָט נאָר וואָס געהאַט געפייערט זיין 25־יאָריקן בינע־יובילײ אין לאָנדאָן און זיך דערוואָרבן זייער פיל פאַרערער און פריינט און פּלוצלונג אומדערוואַרטעט האָט ער זיין לעבן פאַרענדיקט אויף דער בינע.

שטאַרבן אויף דער בינע איז אייגנטלעך דער פאַרלאַנג פון יעדן גרויסן אַרטיסט. יעדער אמתער אַקטיאָר איז אַזוי פאַרבונדן מיטן טעאַטער, אַז ער וויל דערמיט לעבן און שטאַרבן. הײנט די פאַרבנרייכע פאַנטאַזיע פון שוישפּילער: געוויינט תמיד צו אויסערגעוויינלעכעס, צו לעבן פרעמדע לעבנס, צו זיין פאַרוועבט אין אַנדערע וועלטן, צו אינטריגע, סענסאַציע, סקאַנדאַל, טומל, ווערט ביי אים אינסטינקטיוו געשאַפן דער ווילן, אַז אויך זיין לעצטער אַרויסטריט אויף דער לעבנס־אַרענע זאָל האָבן אין זיך עפעקט, עפּעס טעאַטראַלישעס, און וואו קאָן נאָך זיין אַ פייערלעכערע געזעגנונגס־סצענע פון אַ זינדיקן וועלטל, אויב נישט עפנטלעך פאַר די אויגן פון טעאַטער־פּובליקום?

פון גרויסן מאָליער, דעם דראַמאַטורג און וואַנדער־אַקטיאָר, אָן, איז די תּפילה פון יעדן גרויסן אַקטיאָר, אַז דער מלאך־המות זאָל אים זיין וויזיט אָפּגעבן אויף די בינע־ברעטער. עדמונד קין — דער גרויסער ענגלישער אַקטיאָר, רעדט מיט קנאה וועגן יענעם גליקלעכן מאָמענט פון מאָליערן.

און פון דעם שטאַנדפּונקט גענומען האָט זיגמונט פיינמאַן גע־ענדיקט זיין לעבן ווי אַ גרויסער אַקטיאָר.

ער האָט זיין לעצטן אָטעם אויסגעהויכט אויף די בינע ברעטער, אין דער אַטמאָספערע פון קוליסן און אַקטיאָרן, אָבער אָן פּובליקום, ווייל דער מלאך־המות איז צו פרי געקומען, נישט בעת דער פאָר־שטעלונג, נאָר אין דער פרי, בעת דער פּראָבע.

זיגמונט פיינמאַן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1861 אין קעשע־ניעוו. שוין צו 19 יאָר הויבט ער אָן שפּילן אין די פאַרשידענע טרו־פּעס, וועלכע שלעפּן זיך אַרום איבער בעסאַראַביע און רומעניע. באַלד קומט צו פאָרן פון אַמעריקע דער באַרימטער יידישער אַקטיאָר זעליג מאָגולעסקאָ. ער איז אַליין אַ רומענישער, און געפאָרן איז ער קיין אַמעריקע „אויסקוקן". ער קומט טאַקע צוריק „אַראָפּצונעמען" קיין אַמעריקע אַ טרופּע. אין דער־דאָזיקער טרופּע זיינען צווישן אַנדערע אויך דוד קעסלער און זיגמונט פיינמאַן.

עס דויערט נישט לאַנג און זיגמונט פיינמאַן הויבט אָן פאַרנע־מען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער יידישער טעאַטער־וועלט. ער ווערט אַן ערנסטער קאָנקורענט פאַר דוד קעסלערן.

אין איין אייגנשאַפט זיינען ביידע גלייך: ביידע זיינען זיי פעסט געבויט, האָבן שטאַרקע אָרגאַנען און אויסדריקבאַרע געזיכטער, ברויזנדע טעמפּעראַמענטן.

אין דער צייט אָבער וואָס קעסלער איז אַ פּראָסטאַק, האָט נישט קיין אויסדריקן פאַר זאַכן, וועלכע ער וויל אַרויסזאָגן, און מיט רמזים און קערפּערלעכע באַוועגונגען דערגענצט ער דאָס, וואָס זיין צונג קאָן נישט אַרויסברענגען, איז פיינמאַן אָנגעשטאָפּט מיט „שפּראַך", אָנגעלייענט זיך אַ סך מיט דער דייטשער ליטעראַטור, ווייסט ער ווי אַזוי זיך אויסצודריקן אַפילו ליטעראַריש.

און ווען עס קומט אָן אין אַמעריקע דער פּעריאָד, וואָס צוליב קאָנקורענץ־צוועקן האָט זיך יעדעס טעאַטער זיין אייגענעם מחבר, וועלכער שרייבט נאָר פאַר זיין כשרער עדה, טוט זיך פיינמאַן אָן דעם מאַנטל פון אַ דראַמאַטורג און שטעלט זיך אין דער שפּיץ פון אַ טעאַ־טער. אין אָנהויב באַנוגנט ער זיך מיט איבערזעצן דעם קלאַסישן רעפּערטואַר, וועלכער פּאַסט זיך זייער פאַר זיין אויסערלעכער פיגור

און זיין פּאַטעטישן אָרגאַן. באַלד אָבער ווערט ער „מחבר" און בע־אַרבעטער פון אַ גאַנצער ריי פּיעסעס, וועלכע האָבן זיך אויף יאָרן לאַנג איינגעבירגערט אין יידישן רעפּערטואַר.

אַזוי שרייבט ער אָן אַזעלכע לעבנס־בילדער ווי „חנהלע די ניי־טאָרין", „שבת קודש", „שפּרהלע", „דער שטראַסענזינגער", „גבור חיל", „די פּרוי", „דעם פּאָטערס קללה", „דאָס רויטע מענטשעלע", און היסטאָרישע פּיעסעס ווי „די נאַכטיגאַל פון ירושלים", „די יידן פון מאַראָקאָ", א. א.

פאַרשטייט זיך, אַז קיין ליטעראַרישן ווערט האָבן די אַלע פּיע־סעס נישט, אָבער דאָ און דאָרט זיינען אין זיי פאַראַן סצענעס וואָס באַווייזן, אַז פיינמאַן באַזיצט אינטעליגענץ, מענטשן־קענטניש און בינע־פּראַקטיק.

אַזוי איז ער אויך געווען אין זיין פּריוואַט־לעבן; אַ וואוילער, אַ צאַרט־פילנדער, אַ חבר — אַ פולשטענדיקער קעגנזאַץ צו זיין אוי־סערלעכער קאָרפּולענטער פיגור.

פיינמאַן האָט געשעצט מענטשן און געשעצט די קונסט. ער האָט דאָס יידישע טעאַטער לײדנשאַפטלעך געליבט און געווען דערצו אַזוי איבערגעגעבן, אַז ער האָט באַוויזן אַרויסצורופן באַוואונדערונג ביי אַזעלכע קינסטלער ווי ריטער פאָן זאָנענטאַל און פאָן פּאָסאַרט, מיט וועלכע ער איז געווען פּערזענלעך באַקאַנט.

פון אַמעריקע איז פיינמאַן אין 1905 געקומען אין לאָנדאָן, דאָ האָט געהערשט אַ כאַאָס אין יידישן טעאַטער. זינט 20 יאָר, ווי יעקב פּ. אַדלער איז פון לאָנדאָן געפאָרן קיין אַמעריקע, האָט זיך קיין ליי־טיש, סטאַביל טעאַטער נישט אַוועקגעשטעלט אין לאָנדאָן. אַלע פּרובן פון די פאַרשידענע גרופּעס אין משך פון דידאָזיקע 20 יאָר, האָבן אַ פּנים געהאַט ווי פּורים־שפּילן, און האָבן שיער נישט אַלעמען איבער־געצייגט, אַז אין לאָנדאָן איז נישטאָ קיין אָרט פאַר אַ גוט שטענדיק טעאַטער.

ער האָט געהאַט פאַר זיך אַ זייער שווערע אויפגאַבע, צו וועלכער עס איז נישט גענוג געווען בלויז צו זיין אַ גוטער אַקטיאָר. מען האָט געדאַרפט האָבן אַ מאַסע ענערגיע, אַ ריזיקן אונטערנעמונגס־גייסט און איבערגעבנהייט צו דער זאַך. אַזוי ווי ער האָט באַזעסן די אַלע

מעלות, איז ער געווען דער פּאַסיקער מאַן זיך צו שטעלן אין דער שפּיץ פון אַ שטענדיק יידיש טעאַטער אין לאָנדאָן.

נאָך אַ סך שווערער אַרבעט איז געלונגען פיינמאַנען אַזוי צו דיסציפּלינירן, נישט נאָר די אַקטיאָרן, נאָר אויך דאָס פּובליקום, אַז טיילן פון דער יידישער אינטעליגענץ פון לאָנדאָן האָבן אויך אָנגע־הויבן באַזוכן דאָס טעאַטער. אָבער דאָך איז די צאָל פון די, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט מיטן יידישן טעאַטער, געווען אַזוי קליין, אַז דער באָדן אונטער די פיס האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען. די אַקטיאָרן זיינען זיך צעלאָפן, און פיינמאַן איז געווען געצוואונגען אָפּצופּאָרן קיין אַרגענטינע. ער האָט זיך אָבער נישט אָפּגעזאָגט פון זיין פּלאַן צו שאַפן אַ שטענדיקע יידישע בינע אין לאָנדאָן, און נאָך אַ קורצער צייט קומט ער צוריק אין לאָנדאָן און פּירט ווייטער זיין פּרוב. שווע־רע באַדינגונגען, אונטער וועלכע ער שפּילט, און זיין געזונט־צושטאַנד, וואָס איז נישט ווי צום בעסטן, לאָזן אים מער נישט זיין אַזוי ענער־גיש, און ער שטעלט זיך ווידער אָפּ. ער גיט זיך אָבער נאָך נישט איינ־געגעבן אונטער און האָפט נאָך אַלץ אויפצוטרעטן אין „שיילאָק", וועלכן ער שטודירט אַ לאַנגע צייט, און פאַר וועלכן ער האָט שוין גע־לאָזט אויפנייען אַ ספּעציעלן קאָסטיום.

יצחק זאַנדבערג, דער דירעקטאָר פון לאָדזשער „גרויסן טעאַ־טער" דערוויסט זיך דערוויל וועגן פיינמאַנען, און ער פאַרבעט אים אויף גאַסטראָלן קיין לאָדזש. פיינמאַן נעמט גערן אָן די איינלאַדונג. ערשטנס, וועט ער האָבן די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט אַ ניי יידיש פּובליקום. צווייטנס, וועט ער האָבן די געלעגנהייט קענען צו לערנען די לאַנדסלייט פון זיין פרוי, וועלכע שטאַמט אַליין פון פּוילן, פון פּלאָצק.

און אין יוני 1909 קומט פיינמאַן מיט זיין פרוי אין לאָדזש. זיין ערשטער אויפטריט איז אין „אַטלאַ". ער באַגייסטערט די קריטיק און דאָס פּובליקום. אַזאַ ברויזנדן טעמפּעראַמענט, אַזאַ אויסדרוקספולע דיקציע, אַזאַ פיגור האָט מען נאָך ביז דאַמאָלט אויף דער לאָדזשער יידישער בינע נישט געזען. עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז פיינמאַן וועט זיך אַזוי שנעל נישט שיידן מיטן לאָדזשער טעאַטער־פּובליקום. מען טרעט צו צו פּראָבן פון „אוריאל אַקאָסטאַ".

פיינמאַנס געזונט־צושטאַנד האָט זיך דערווייל פאַרערגערט. די דאָקטוירים האָבן אים פאַרווערט זיך אויפצורעגן. דאָס איז געפער־לעך ביי זיין דיקער פיגור. אָבער ווי אַזוי קאָן ער פאָלגן די דאָקטוי־רים, אַז ער לעבט איבער יעדע ראָל, אַז די ליידן פון אָטעלאָ און פון אוריאל אַקאָסטאַ זיינען זיינע ליידן, און אַזוי האָט עס פּאַסירט. אַז דאָנערשטיק דעם 1טן יולי 1909, 12 אַזייגער בייטאָג האָט ער זיך אויף דער פראָבע פון „אוריאל אַקאָסטאַ" אַזוי אויפגערעגט, אַז ביים באַרימטן מאָנאָלאָג „יאָ, רבי, איך בין אַ ייד", האָט ער, אַרויסזאָגנ־דיק די ערשטע ווערטער, זיך פּלוצלונג אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים.

עס איז געוואָרן אַ טומל. מען האָט שנעל געבראַכט אַ דאָקטאָר, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט.

יוליוס אַדלער, וועלכער איז דעם זעלבן טאָג גראָד אָנגעקומען אין לאָדזש און געזאָלט באַגריסן פיינמאַנען, האָט זיין באַגריסונגס־וואָרט געמוזט ענדערן אויף אַ הספד.

אָבער ווען דער ערשטער צעשמעטערנדיקער איינדרוק פון דער קאַטאַסטראָפע איז אַריבער, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע זאָרג ביי דער פרוי פון טראַגיש־פאַרשטאָרבענעם און ביי דער דירעקציע און די אַק־טיאָרן.

לויט די אַמאָליקע רוסישע געזעצן האָט אַן אויסלענדישער ייד נישט געטאָרט אַריינקומען אין רוסלאַנד. פיינמאַן אַלס אויסלענדי־שער ייד איז אויך אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם געזעץ. כדי אָבער ער זאָל פאָרט קאָנען קומען, האָט מען אים פאַרשאַפט אַ פּאַס אויף אַן אַנדערן, קריסטלעכן נאָמען, און עס האָט געהייסן, אַז זיגמונט פיינ־מאַן איז נאָר זיין בינע־נאָמען.

אָפיציעל איז אַלזאָ געשטאָרבן נישט זיגמונט פיינמאַן, נאָר עפּעס אַ קריסט, וואָס דאַרף געבראַכט ווערן צו קבורה אויפן קריסט־לעכן בית־עולם...

עס האָבן זיך אָנגעהויבן השתדלותן דאָרט וואו מען דאַרף, ביז עס איז זאַנדבערגן געלונגען צו ברענגען פיינמאַנען צו אייביקער רו אויפן לאָדזשער יידישן בית־עולם.

די לויה איז געווען אַ גראַנדיעזע. אַ סך פון טעאַטער־פּובליקום

האָט זיך אין איר באַטייליקט. הספדים האָבן געהאַלטן יוליוס אדלער, טיטעלמאַן, מאַרק אַרנשטיין, ישעיהו אוגער און אַנדערע.

צו דער ערשטער יאָרצייט זיינען געקומען אין לאָדזש די אַלמנה מיט אירע צוויי טעכטער צילי און לילי, און געשטעלט זייער מאַן און פאָטער אַ פּרעכטיקע מצבה, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָפּגע־האַקטן בוים, און פון אונטן זיינען אויסגערעכנט די וויכטיקסטע פּיע־סעס פון פיינמאַנען.

אָבער נישט נאָר אין לאָדזש, נאָר אויך אין לאָנדאָן, וואו פיינ־מאַן האָט אַזוי פיל כוחות אַוועקגעגעבן פאַר דער יידישער בינע, האָט מען אים געפּרובט שטעלן אַ דענקמאָל.

אַ גרופּע פאַרערער פון פיינמאַנען האָבן אויף זיין נאָמען גע־עפנט דאָס פּאַוויליאָן־טעאַטער, עס פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלקס־טעאַ־טער אויף אַקציעס, און אָרגאַניזירט אין אים 2 טרופּעס: איינע פאַר דער ריינער דראַמע. די דראַמע האָט זיך געעפנט מיט מאַרק אַרנ־שטיינס „ווילנער בעל הביתל" אונטער דער השגחה פון מחבר. אין דער דראַמאַטישער טרופּע זיינען געווען די רעשטלעך פון פּרץ הירש־ביינס טרופּע ווי נעמי, בן־עמי און דער באַליבטער זשעליאַזאָ. די צווייטע טרופּע האָט, צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער, געזאָלט פּלעגן די יידישע אָפּערע. אין דער שפּיץ פון דער טרופּע זיינען געשטאַנען דער באַליבטער זינגער יוסף ווינאָגראַדאָוו און נאָך איניקע אָנגעזעענע יידישע קרעפטן פון די רוסישע אָפּערע־טעאַטערס. די אָפּערע האָט זיך געעפנט מיט אַן אָריגינעלע יידישע אָפּערע „קעניג אחז", טעקסט און מוזיק פון קאָמפּאָזיטאָר אַלמאַן, וועלכער האָט זי אליין אויפגעפירט, דערנאָך זיינען אויפגעפירט גע־וואָרן אויף יידיש „ריגאָלעטאָ" א. אנד.

לײדער האָט דאָס טעאַטער, וואָס זיין געשיכטע איז אַ בלעטל פאַר זיך, לאַנג נישט עקזיסטירט. דער טעאַטער־בנין איז פאַרקויפט געוואָרן פאַר אַ קינאָ.

געבליבן אַלס זכר פון זיגמונט פיינמאַנען זיינען איניקע גע־דרוקטע פּיעסעס זיינע און די מצבה אויפן לאָדזשער יידישן בית עו־לם, וואָס האָט אויך לעצטנס אָנגעהויבן צו באַקומען שפּאַלטן....

„נייער פאָלקסבלאַט", 28 דעצעמבער 1928

# ש ט י ל

אָן אַ טיטל, אַ פּשוטער עמך, ער שטייט נישט פון אויבן אויף די אַפּישן, אַפילו אין די אַנאָנסן ווערט ער נישט דערמאָנט, דאָס פּובליקום זעט אים אינגאַנצן נישט, — און דאָך איז ער איינער פון די סאַמע אינטערעסאַנטסטע פיגורן פון יידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

בסך־הכל איז ער אַ סופלער. פון צייט צו צייט שרייבט ער אויך אַמאָל אַ פּיעסע. און פּונקט אַזוי שטיל ווי ער סופלירט, פּונקט אַזוי בלחשדיק ווי ער דערפילט זיין אַמט, פּונקט אַזוי שטיל פירט מען אויף זיין פּיעסע, און דערנאָך ווערט ווידער שאַ — שטיל.

און אָט אַזוי שטיל האָט דער ייד — זיין נאָמען איז ש ל ו ם פּ ע ר ל מ ו ט ע ר — אָנגעקליבן ביי זיך אין שטוב דעם גרעסטן יידישן טעאַטער־מוזיי.

אויב מוזיי הייסט אַ זאַמלונג פון אינטערעסאַנטע, וויכטיקע זאַכן, האָבן מיר היינט צו טאָג אייגנטלעך עטלעכע יידישע טעאַטער־מוזייען.

מוזיי נומער איינס אין ניו־יאָרק.

דער מוזיי איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געגרינדעט געוואָרן. מען האָט צונויפגעקליבן אַ שיין ביסל זאַכן, און אינטערעסאַנטע זאַכן. עס האָט געקאָנט ווערן אַ לייטישע אינסטיטוציע, וואָרום דער רוב יידישע אַקטיאָרן געפינען זיך דאָך אין אַמעריקע, און ביי אַ גרויסן טייל פון זיי וואַלגערן זיך אַרום אינטערעסאַנטע זאַכן. עס האָט געקאָנט, אָבער עס איז נישט געוואָרן. מ׳דאַרף האָבן געלט־מיטלען כדי אין אָרדנונג צו האַלטן דעם מוזיי, כדי אים צו פאַרגרעסערן. עס מוזן ספּעציעלע אָנגעשטעלטע זיין, און קיין געלט איז נישטאָ, איז דער מוזיי, ליידער, פאַרמאַכט.

א מוזיי נומער 2 האָבן מיר אין ווילנע ביים ייִדישן וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט, וואָס די יורשים פון אסתר רחל קאַמינסקי האָבן איבערגעגעבן. נו, דער מוזיי האַלט זיך אויך ערשט אין שאַפן.

א שטיקעלע מוזיי איז אויך פאַרהאַן אין דער נאַציאָנאַלער ביב־ליאָטעק אין ירושלים. איך האָב דאָרט געפונען געדרוקטע ייִדישע פּיעסעס, וואָס זיינען אין ערגעץ נישטאָ, אויך זיינען דאָ פאַרהאַן אַפּישן און אויפרופן, אָבער זיי זיינען נישט סיסטעמאַטיזירט, זיי ליגן גאָר אין פאַרשידענע אָפּטיילונגען.

א שטיקעלע מוזיי קלייבט זיך אויך איצט צונויף ביי מיר, א דאַנק די ביאָגראַפיעס, וועלכע כ׳זאַמל צווישן די ייִדישע אַקטיאָרן און טעאַטער־טוער פון דער גאַנצער וועלט פאַר דעם „לעקסיקאָן פון ייִדי־שן טעאַטער".

אַז ביי שלום פּערלמוטער זיינען פאַרהאַן געוויסע מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער, איז געווען באַקאַנט: ב. גאָרין, דער שרייבער פון דער „געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער", דערמאָנט, אַז פּערלמוטער האָט אים געהאָלפן מיט מאַטעריאַלן. זלמן רייזען אין דעם „לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור" שטיצט זיך אויך אָפּט אויף פּערלמוטערס אַרטיקלען און מאַטעריאַלן. און אין דער ייִדישער פּרעסע פון אַמעריקע קאָן מען זייער אָפּט ביי פאָטאָגראַפישע בילדער אָדער אַפישן פון אַלטן ייִדישן טעאַטער זען די צושריפט „געגומען פון פּערלמוטערס קאָלעקציע", און טאַקע אין דעם ניו־יאָרקער ייִדישן טעאַטער־מוזיי האָט פּערלמוטער פיל זאַכן געגעבן.

אָבער וואָס פּערלמוטער פאַרמאָגט ווירקלעך שטייגט איבער יע־דער השערה. אַז איך בין אַריינגעקומען צו אים אין וואוינונג און דערזען די שאַפע מיט איבערגעשריבענע פּיעסעס, די בערג נאָטן, די פאַרשידענע אַפישן, בילדער, פאָטאָגראַפיעס, קאָנטראַקטן, טעאַטער־זשורנאַלן, לענטעס א. אַז. וו. בין איך פּשוט ערשטוינט געוואָרן: ווי איז דאָס מעגלעך, אַז איין מענטש זאָל אַזוי פיל צונויפקלייבן.

שעהן לאַנג האָב איך זיך געגריבלט אין די אַלטע פּאַפּירן, און מיין ערשטוינונג איז פון מינוט צו מינוט געשטיגן: א זאַמלונג פון געדרוקטן און געשריבענעם ייִדישן רעפּערטואַר. ביז טויזנט פּיעסעס פון די ערשטע צייטן פון ייִדישן טעאַטער ביז היינט, אַלץ פּיעסעס,

וואָס זיינען קיינמאָל אין דרוק נישט דערשינען, און דעם גרעסטן טייל פון זיי האָט פערלמוטער מיט זיין אייגענער האַנט איבערגעשריבן.

צוויי־און־צוואַנציק יאָר געפינט זיך פערלמוטער אין אַמעריקע. און גלייך ווי ער איז אַהער אָנגעקומען, האָט ער אינסטינקטיוו דער־פילט די נויטווענדיקייט פון זאַמלען דעם יידישן טעאַטער־רעפּער־טואַר. אַקטיאָרן האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף אַ משוגענעם, אַנ־דערע האָבן אים פּשוט געהאַלטן פאַר אַ גנב: „וואָס הייסט, אַ מענטש שרייבט איבער פּיעסעס אָדער לאָזט איבערשרייבן נאָטן!?".

אָבער ער האָט זיך פון אַלעם נישט איבערגעשראָקן, און דער רעזולטאַט פון זיין אומדערמידלעכער אַרבעט זיינען די קאַסטנס און שרענק מיט פּיעסעס און נאָטן.

אויסרעכענען אַלץ וואָס געפינט זיך ביי אים, וואָלט געהייסן פּשוט אָפּדרוקן אַ קאַטאַלאָג, אָבער דאָך קאָן איך זיך נישט צוריק־האַלטן פון דערמאָנען כאָטש אייניקע אינטערעסאַנטע זאַכן.

אָט האָט איר אַ רומענישע צענזורקע פון גאָלדפאַדענס „באָבע יאַכנע", זי שטאַמט נאָך פון דער ערשטער צייט, ווען דאָס יידישע טעאַטער איז געווען אין די וויקעלעך. אָט איז אַן אויפרוף, וואָס צע־זאַר גרינבערג, איינער פון די ערשטע יידישע אַקטיאָרן, האָט אַרויס־געגעבן אין דער פאָרם פון אַ חרם קעגן די יידישע אַרטיסטן, מיט וועלכע ער האָט זיך צעקריגט. פאַרשידענע קאָנטראַקטן פון אַלטע יידישע אַקטיאָרן. אַן אַפּיש פון „אוריאל אַקאָסטאַ", אויפגעפירט אין 1889 אין לאָנדאָן, געדרוקט נאָר אויף יידיש. אַ ביכל מיט טעאַטער־כללים, וואָס דער באַקאַנטער יידישער רעזשיסער און אַקטיאָר משה פינקעל (פון גאָלדפאַדענס ערשטע אַקטיאָרן) האָט אַרויסגעגעבן פאַר די אַקטיאָרן. דאָס ביכל האָט 32 זייטן מיט 82 פּונקטן.

דאָס איז אַ שולחן־ערוך — פאַר אַרטיסטן, געשריבן, נאַטירלעך, דייטשמעריש, און דאָרט זיינען פאַראַן פּונקטן, וועלכע כאַראַקטע־ריזירן פון איין זייט די דאַמאָלטיקע באַדינגונגען פון יידישן טעאַ־טער, און פון דער אַנדערער זייט זיינען זיי פול מיט הומאָר.

ווייטער האָט איר דאָ רומענישע אַפּישן פון די יאָרן 1895—1892. אַ געשריבענע פּיעסע פון „מירעלע אפרת" אין 1889, נאָך איי־דער די פּיעסע איז אַרויס פון דרוק, און געשריבן איז זי טאַקע פון

דראַמאַטיקן באַרימטן סופֿלער ראובן ווייסמאַן, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שיינער האַנטשריפֿט, אַ ביטע (1906) מיט צענ־ליקער אונטערשריפֿטן פֿון געזעלשאַפֿטן, אָנגעזעענע בעלי־בתים און כּלל־טוער פֿון לעמבערג, צו דער רעגירונג, אַז זי זאָל געבן אַ קאָנצע־סיע פֿאַר פֿאָרשטעלונגען אין דער „זשאַרגאָן אומגאַנגס־שפּראַך“, און די דערלויבניש פֿון דער רעגירונג, פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון די ערשטע ייִדישע אַקטיאָרן.

היינט כּתב־ידן: אָט האָט איר יעקב גאָרדינס כּתב־יד פֿון זיין באַרימטער פּיעסע „גאָט, מענטש און טייוול“, געשריבן פֿאַר דעם באַ־רימטן אַרטיסט דוד קעסלער, וואָס האָט דעם מאַנוסקריפּט איבערגע־געבן פּערלמוטערן. און אָט האָט איר י. ל. פּרצם מאַנוסקריפּט פֿון זיין פּיעסע „קלעזמער“, און דערביי דעם געדרוקטן טעקסט מיט נייע הגהות און ענדערונגען פֿון פּרצן, דאַן ווידער די אויטאָביאָגראַפֿיע פֿון אַברהם גאָלדפֿאַדען, געשריבן פֿון אים אַליין, און זיינע פֿאַרשידע־נע נישט־געדרוקטע לידער, געשריבן פֿון אים אַליין.

דערצו איז עס נישט סתם אָנגעוואָרפֿן. יעדע זאַך ליגט זיך אויף אַ באַשטימט אָרט, און מען קומט גלייך צו דערצו, אויסער די נאָמען, וואָס ליגן קופּעסווייז, און מ'דאַרפֿט זיי סאָרטירן.

מער ווי אַ גרויס צימער וואָלטן בלויז די זאַכן פֿאַרנומען, ווען מען זאָל זיי קאַטאַלאָגירן און סאָרטירן.

אָבער פּערלמוטער באַגנוגנט זיך נישט נאָר מיט זאַמלען. ער נעמט אויך פֿון צייט צו צייט די פֿעדער אין האַנט, און דאַן גיט ער אונדז אויסגעלייטערטע ביאָגראַפֿיעס פֿון שוישפּילער. אַזוי האָבן מיר אים בלויז אין דער לעצטער צייט צו פֿאַרדאַנקען די ביאָגראַפֿיעס פֿון די באַרימטע פֿאַרשטאָרבענע ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרן פּרץ סאַנדלער, חנא וואָלפֿסטאַל, פֿון ערשטן ייִדישן סופֿלער ביים ייִדישן טעאַטער ראובן ווייסמאַן, פֿון די פֿאַרשטאָרבענע גרויסע קינסטלער מאָגולעס־קאָ און יעקב אַדלער; פֿון איינעם פֿון די עלטסטע ייִדישע פּיעסעס־שרייבער יאָזעף לאַטיינער; פֿון דראַמאַטורג און שוישפּילער משה שאָר; פֿון פּיעסעס־שרייבער און שוישפּילער מאַקס געביל און פֿון דער שוישפּילערין דזשעני גאָלדשטיין.

פּערלמוטער איז אויך געווען דער, וואָס האָט אָנגעשריבן די זכ־

רונות פון יעקב פּ. אַדלער. ער האָט אויך אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן די אויטאָביאָגראַפיע פון אברהם גאָלדפאַדען, אויסער דעם האָט ער פאַרעפנטלעכט פיל טעאַטער־אַרטיקלען און טעאַטער־עפּיזאָדן.

אַלע זיינע אַרטיקלען זיינען דורכגעדרונגען מיט אַן אומגעהויערער ליבע צום יידישן טעאַטער, אַ ליבע, וואָס האָט אים געקאָנט געבן מוט און אויסדויער צו לאָזן קוקן אויף זיך ווי אויף אַ „גנב" און דאָך נישט מיד ווערן און זאַמלען די ציגל פאַר אַ בנין פון יידישן טעאַטער־מוזיי.

און ווען עס וועט קומען די צייט און עס וועט געשאַפן ווערן דער גרויסער צענטראַלער יידישער טעאַטער־מוזיי, וועט פּערלמוטערס זאַמלונג זיכער פאַרנעמען דאָרט דעם אויבן־אָן, און זיין נאָמען וועט דערמאָנט ווערן צווישן די ערנסטע, איבערגעבנסטע בויער פון דער יידישער טעאַטער־געשיכטע.

„ליטעראַרישע בלעטער", נ׳16, 1928

# דער לץ

אזוי, ווייזט אויס, איז שוין אויף אונזער וועלט. נישטאָ קיין זי־
כערס. היינט — אומבאַקאַנט. מאָרגן — אַ סטאַר. היינט — אַ סטאַר,
אַביסל שפּעטער — פאַרגעסן.

אַקטיאָרן שטעלן פאָר אויף דער בינע בילדער פון לעבן, סצע־
נעס פון מענטשלעכן לעבן, ווי מען דערהויבט זיך און מען פאַלט,
ווי מען פאַלט און מען שטייגט ווידער.

אבער עס איז נישטאָ קיין אינטערעסאַנטערע זאַך, ווי טאַקע
דאָס לעבן פון אַקטיאָרן גופא, ווי אָפט זיי ווערן געשליידערט אַרויף
און אַראָפּ, ווי איינעם דינט דאָס מזל צום גוטן און דעם אַנדערן —
צום שלעכטן.

וויפיל מי, וויפיל מאַטערניש, וויפיל ליידן דאַרף אַן אַקטיאָר
דורכגיין, ביז ער ווערט באַקאַנט, ביז ער ווערט פּאָפּולער און אָנער־
קענט, ביז ער ווערט שוין דאָס, וואָס מען רופט אָן אַ „סטאַר”. און
ווי אָפט פּאַסירט עס, אַז אַ סטאַר ווערט נאָך אַ קורצער צייט פאַרגעסן,
בוכשטעבלעך אומבאַקאַנט, ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל נישט עקזיס־
טירט.

אָט אַ שטייגער, דער נאָמען זיינוול שענקמאַן, אָט דער קנאַפּער
80-יאָריקער שוישפּילער, וואָס איז די טעג געשטאָרבן אין ניו־יאָרק,
עלנט און פאַרלאָזט.

ווער פון טעאַטער־פּובליקום געדענקט איצט דעם נאָמען זיינוול
שענקמאַן? נישט נאָר דאָס פּובליקום, וואָס האָט אַמאָל אַזוי פיל אָנ־
געקוואָלן און הנאה געהאַט פון זיינע קאָמישע שטיקלעך און איינ־
פאַלן אויף דער בינע, אָדער פון זיין זיסער שטימע. נישט נאָר דער
טעאַטער־עולם, נאָר אפילו פאַר זייער פיל יידישע אַקטיאָרן איז דער

נאָמען שענקמאַן אומבאַקאַנט. עפּעס האָבן זיי געזען לעבן ניו־יאָר־קער ראָיאַל־קאַפּע אַרומדרייען זיך אַן עלטערן, ראַזירטן מאַן אין ברילן מיט געשוואָלענע אויגן, מיט א שטעקן און א פּאָר געשוואָלענע פּיס. א מאַן, וואָס פלעגט אָפּשטעלן געוויסע עלטערע שוישפּילער און בעטן ביי זיי א דאָלאַר, א האַלבן דאָלאַר אָדער א קוואָדער*) אויף ברעקפעסט**) אָדער סאַפּער***), א מאַן וואָס פלעגט שטענדיק אַרומ־טראָגן זיך מיט פּאַפּירן און טעלעגראַמען וועגן א זון, אַן ענגלישן אַק־טיאָר, וועלכן ער זוכט, אז ער זאָל אים אויסהאַלטן אויף די עלטערע יאָרן.

אָבער ווער אַפילו פון די יידישע אַקטיאָרן געדענקט די ראָלע, וואָס שענקמאַן האָט געשפּילט, און שענקמאַן האָט געשפּילט א ראָלע מיט יאָרן צוריק אין ניו־יאָרק, אָבער נאָך מער אויף דער ראָוד****), וואו ער האָט געשאַפן דאָס ערשטע יידישע פּובליקום, ווייל שענקמאַן האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אין אַמעריקע יידיש טעאַטער אין שטעט, וואו מען האָט נאָך פריער קיינמאָל קיין יידיש טעאַטער נישט געזען. שענקמאַן האָט דאָרט צום ערשטן מאָל געבראַכט די עכט יידישע לי־דער און נגונים פון גאָלדפאַדען. ער איז געווען דער העלדישער „בר כוכבא", דער פאַרליבטער „אבשלום", און מיט זיין זיסער, העלדי־שער טענאָר שטים האָט ער באַגייסטערט די ערשטע יידישע טעאַטער־באַזוכער און זיי צוגעבונדן אַלס שטענדיקע און אָפטע באַזוכער פון יידישן טעאַטער. און שפּעטער, ווען ער איז פון ליבהאָבער־ראָלן אַרי־בער צו קאָמישע ראָלן, ווען ער איז אַריינגעטראָטן אין די וואַריעטע־טעאַטערס, האָט מען אים ממש פון דער בינע נישט אַראָפּגעלאָזט פאַר זיינע קאָמישע קופּלעטן.

הונדערטער טויזנטער יידן אין אַמעריקע האָבן געלאַכט פון שענקמאַנס איינפאַלן אויף דער בינע, פון די פרייליכע לידער זיינע, אָבער מיין כונה איז נישט צו דערציילן וועגן שענקמאַנען אַלס שוי־

---

*) קוואָדער — 25 סענט. **) ברעקפעסט — פרישטיק.
***) סאַפּער — אָוונטברויט. ****) ראָוד — פראָווינץ.

שפּילער. עס זיינען זיכער געווען און עס זיינען פאַראַן איצט גרעסע־רע שוישפּילער ווי שענקמאַן, אָבער איך צווייפל צי עס זיינען ווען עס איז אַמאָל געווען צווישן יידישע אַקטיאָרן גרעסערע לצים, קונדסים, שטיפערס ווי שענקמאַן.

שענקמאַן פלעגט זייער אָפט אָפּטאָן אַקטיאָרן אָדער טעאַטער־מענעדזשערס אַזעלכע שפּיצלעך, פון וועלכע מען פלעגט קייכן פון גע־לעכטער. ער איז געווען אַן אייגנאַרטיקער לץ, אַ שטיפער, און פיל וואָ־דעוויל־וויצן, וועלכע ווערן דערציילט פון קאָמיקערס אויף דער בינע, זיינען דורך אים געשאַפן געוואָרן. ער אַליין האָט טאַקע אָפּגעטאָן די שפּיצלעך. אין דער הינזיכט איז ער געווען אַ מין „הערשעלע אָסטראָ־פּאָליער" אָדער „מאָטקע חב"ד". יענער האָט אָפּגעטאָן שפּיצלעך קהל, דעם רב אָדער להבדיל דעם בעדער, דאָס הייסט, מענטשן פון זיין סבי־בה, פערזאָנען, מיט וועלכער ער איז געקומען אין בארירונג. שענק־מאַן איז געקומען אין באַרירונג מיט אַקטיאָרן, זיין סביבה איז געווען די יידישע טעאַטער־וועלט, האָט ער זיינע וויצן ביי זיי אויסגעבראַכט.

איך וועל דאָ ווייטער ברענגען עטלעכע אַזעלכע שפּיצלעך, וועל־כע שענקמאַן האָט מיר אַליין באַשריבן:

## א.

די געשיכטע האָט פּאַסירט מיט יאָרן צוריק אין ניו־יאָרק אין אָריענטאַל־טעאַטער. געשפּילט האָט מען „אוריאל אַקאָסטאַ". אַדלער האָט געשפּילט די ראָל „אוריאל", דער אַקטיאָר ליביש גאָלד האָט גע־שפּילט „דע סאַנטאָס" און שענקמאַן — „בן יוחאי". שענקמאַן איז גראָד געווען צעקריגט מיט אַדלערן און זיי האָבן ביידע נישט גערעדט צווישן זיך, האָט אַדלער געבעטן גאָלדן, אַז ער זאָל זאָגן שענקמאַנען, אַכטונג צו געבן, אַז ווען ער רופט אויס אין דריטן אַקט די ווערטער „אָ, גאַלילעאוס, גאַלילעאוס, די ערד דרייט זיך פאָרט", זאָל דער אָר־קעסטער שפּילן אַ „מעלאָדראַמאַ", דאָס הייסט, אַ טרויעריקן, האַרצ־רייסנדן ניגון.

שענקמאַן, וועלכער האָט געזוכט אָפּצוטאָן אַ שפּיצל אַדלערן, האָט דאָ געפונען זיין געלעגנהייט. ער איז אַוועק צום דיריגענט פון

אָרקעסטער, אַ געוויסער מר. קראָל, און אים געזאָגט, אַז ווען אַדלער וועט אין דריטן אַקט אַרויפקומען אויף דער בינע און אָנהויבן ריידן שטיל, טרויעריק, זאָל ער שפּילן אַ „מעלאָדראַמאַ", אָבער ווען ער וועט אָנהויבן נעמען העכערע טענער, זאָל דער אָרקעסטער אָנהויבן שפּילן העכער.

— וואָס זאָל דער אָרקעסטער שפּילן? — פרעגט דער דיריגענט.

— אַמבעסטן וואָלט געווען ווען איר שפּילט אַ רוסישע קאָמאַרינסקע און זייער שנעל ווי אַ האָפּקע, אין אָנהויב גאַנץ שטיל, שפּעטער זייער פאָרטאָ.

און אַזוי איז טאַקע געווען. ווען אַדלער האָט, ווי זיין שטייגער, אָנגעהויבן ריידן שטיל: „אָ, גאַלילעוס, גאַלילעוס, די ערד דרייט זיך פאָרט!", האָט דער אָרקעסטער אָנגעהויבן שפּילן פּיאַנאָ, נאָר שנעל: „טאַ, טאַ, טאַ, טאַם, טידי, טידי". אַז אַדלער האָט דאָס דערהערט, האָט ער אָנגעהויבן צו רייסן די האָר פון קאָפּ און צו שרייען: „וואָס איז דאָס פאַר אַ האָפּקע? געוואַלט, איך וועל משוגע ווערן". ווען דער דיריגענט האָט דערהערט, אַז אַדלער שרייט, האָט ער ערשט געגעבן אַ סיגנאַל צום אָרקעסטער און מען האָט אָנגעהויבן צו שפּילן פאָרטאָ „טראַ, טראַ, טראַ, ראַם, באַם".

די סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער בינע, איז זיך לייכט פאָרצושטעלן. אַדלער איז געשטאַנען אויף דער בינע און זיך געריסן די האָר און דער עולם אין טעאַטער האָט געמיינט, אַז אַדלער איז אַראָפּ פון זינען.

געענדיקט האָט זיך דאָס שפּילן דערמיט, וואָס מען האָט געמוזט אַראָפּלאָזן דעם פאָרהאַנג אינמיטן אַקט.

אָבער זינט דאַמאָלט האָט שוין אַדלער זיך אויסגעהיטן צו זיין ברוגז מיטן ליץ שענקמאַן.

## ב.

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען די יידישע וואָדעוויל־טעאַטערס האָבן זיך געפּרוכפּערט און געמערט איבער ניו־יאָרק און כמעט אין יעדן מואווי־הויז*) איז געווען אַן „אַקט" פון אַ זינגער־פּאָרל.

*) מואווי — קינאָ

און אזוי זיינען שענקמאן און זיין פרוי ארויסגעטראטן אין אזא מואווי־הויז אין ניו־יארק אויף דער106־טער סטריט. אזוי ווי דאס איז געווען זונטאג, ווען מען הויבט אן שפילן באלד אינדערפרי און שענקמאן איז געווען דער איינציקער „אקט", איז ער אין דעם טאג שוין געהאט אויפגעטראטן זעקס מאל און איז געווען זייער מיד.

עס איז אבער געווען ערשט ארום 8 אינאווענט און ער האט נאך געדארפט אויפטרעטן צוויי מאל.

וואס טוט מען?

אין דעם מואווי האט מען געוויזן עפעס א פיקטשור*) פון א מלחמה אויפן אינזל טריפאלים. מען האט געהאלטן אין איין שיסן, אין איין ווארפן באמבעס. אויף דער פיקטשור האט מען געזען דעם רויך, וואס גייט פון די קוילן און דעם שטויב, וואס ווערט אויפגע־הויבן פון די אויפרייסענדע שטיקער ערד אדער פון די איינגעפאלענע הייזער. פארשטייט זיך, אז דאס אלץ איז נאר געווען אויף דער טוי־טער פיקטשור.

איז שענקמאן געפאלן אויף אזא משוגענעם פלאן: ער האט פאר־גלאצט די אויגן און אנגעהויבן שטארק צו הוסטן.

— שענקמאן, וואס איז געשען? — איז צו אים צוגעלאפן דער סטיידזש־מענעדזשער.**)

— פרעגט נישט — האט אים שענקמאן גענטפערט — איך ווער דערשטיקט פון דעם רויך, דער פולווער עסט מיר אויס די אויגן און דעם האלז. איך קאן נישט ריידן, כ'קאן נישט זינגען.

דערהערט, אז שענקמאן קאן נישט זינגען, האט מען שנעל גע־בראכט דעם מענעדזשער. דער מענעדזשער האט זיך זייער דער־שראקן פאר א סקאנדאל אויב שענקמאן וועט נישט זינגען, ווייל דאס מואווי־הויז איז געווען איבערפולט און שענקמאן איז געווען די אטראקציע.

---

*) פיקטשור — בילד. **) סטיידזש־מענעדזשער — בינע די־רעקטאר.

— טאָ וואָס זאָל איך טאָן, אַז איר זאָלט יאָ קאָנען זינגען? — האָט דער מענעדזשער געפרעגט.

— זאָל אויפהערן דער רויך. שטעלט אָפּ די פּיקטשור! — האָט שענקמאַן געענטפערט.

און דער מענעדזשער, וועלכער איז געווען זייער איבערגעשראָקן, האָט זיך נישט געכאַפּט אויפן שפּיצל און אָפּגעשטעלט די פּיקטשור, אַז דער רויך זאָל נישט שטיקן שענקמאַנען און ער זאָל קאָנען זינגען...

## ג.

מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט שענקמאַן געשפּילט אין באָסטאָן מיט אַ טרופּע מיטן אַלטן שעהנגאָלד, יאָזעף שעהנגאָלדס פאָטער, אין דער שפּיץ. אַזוי ווי דאָס טעאַטער איז געווען ווייט פון דעם אָרט, וואו די אַקטיאָרן האָבן געוואוינט, פלעגן זיי די פּראָבעס מאַכן אין אַ האָל*) ביי אַ געוויסן מר. שענקער. אַ גאַנצע וואָך פלעגן דאָרט אין האָל פּאָרקומען חתונות, און איין טאָג אין דער וואָך, מאָנטאָג, פלעגט דאָרט פּאָרקומען אַ טאַנץ־אָוונט פון בלויז מיידלעך, וועלכע פלעגן צאָלן צו 50 סענט אַ פּאָרל. דאָס איז געווען די גרעסטע הכנסה, וואָס דער האָל האָט געבראַכט.

איינמאָל ווען די טרופּע איז געקומען מאַכן פּראָבע, האָט מר. שענקער נישט געלאָזט מאַכן קיין פּראָבע אין זיין האָל מיטן אויס־רייד, אַז מען דאַרף קלינען**). דאָס האָט שענקמאַנען זייער פאַר־דראָסן און ער האָט באַשלאָסן אָפּצוטאָן דערפאַר שענקערן אַ שפּיצל.

אַזוי ווי דער אַקטיאָר וואַכטעל האָט געהאַט אַ גוטן ברודער, אַן אַדוואָקאַט, האָבן זיי אָפּגעמאַכט צווישן זיך אַ ביזנעס. דער אַד־וואָקאַט איז אַוועק צום האָל־קיפּער***) און אים געזאָגט, אַז לויט אַ געזעץ פון וואַשינגטאָן ווערט פון דער קומענדער וואָך אָן אָפּגע־שאַפט אין באָסטאָן דער מאָנטאָגדיקער טאָג.

— וואָס הייסט, עס ווערט אָפּגעשאַפט דער מאָנטאָגדי־קער טאָג? — פרעגט דער האָל־קיפּער.

---

*) האָל — זאַל. **) קלינען — רייניקן.
***) האָל־קיפּער — זאַל־אייגנטימער.

— אזוי ווי איר הערט — ענטפערט אים דער אַדוואָקאַט — פון קומענדיקע וואָך אָן וועלן אין באָסטאָן די טעג גיין אַט אַזוי: זונטאָג, דינסטאָג, מיטוואָך און אַזוי ווייטער.

— אויב אַזוי — רופט אויס דער האָל־קיפּער — איז דאָך שלעכט. מיינע הויפּט־ביזנעס באַשטייען דאָך פון דעם מאָנטאָגדיקן טאָג. די מיידלעך ווייסן, אַז מאָנטאָג האָבן זיי צו קומען. די גאַנצע שטאָט ווייסט, אַז מאָנטאָג אָוונט איז ביי מיר אַ טאַנץ־באַל, טאָ וואָס וועל איך איצט טאָן?

דער אַדוואָקאַט, וועלכער איז שוין פון פריער געוועזן אויסגעלערנט פון שענקמאַנען, האָט אים דערויף געגעבן אָנצוהערן, אַז ער גלויבט, אַז מיט גרעפּט*) וועט מען קאָנען עפּעס אויפטאָן אָפּצושאפן די גזרה.

פאַרשטייט זיך, אַז דער האָל־באַזיצער איז געוועזן צופרידן צו געבן דעם אַדוואָקאַט 150 דאָלאַר, אַז עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערן די גזרה און אין באָסטאָן זאָל ווייטער בלייבן מאָנטאָג אַ טאָג ווי אַלע טעג פון דער וואָך.

די 150 דאָלאַר זיינען דערנאָך צעטיילט געוואָרן צווישן שענקמאַנען, דעם אַדוואָקאַט און וואַכטעלן, און אַזוי האָט זיך שענקמאַן נוקם געוועזן פאַר דער אָפּגעזאָגטער פּראָבע. אָבער פון דאַמאָלט אָן איז מר. שענקער, דער האָל־קיפּער, געבליבן ביים נאָמען מר. מאָנטאָג.

## ד.

אין ניו־יאָרק איז געוועזן אַן עלטערער מאַן מיטן נאָמען קאָהן, וועלכער איז געוועזן זייער באַקאַנט אין די אַקטיאָרן־קרייזן, וויל מער ווי איין אַקטיאָר אָדער אַפילו טעאַטער־מענעדזשער האָט ביי אים געבאָרגט געלט אויף פּראָצענט און ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן חכם און געקוקט אויף די אַקטיאָרן ווי אויף יאָלדן.

איינמאָל טרעפט מר. קאָהן שענקמאַנען אין דער לאָבי**) פון סעקאָנד עווענױ־טעאַטער. גייט ער צו צו אים און זאָגט:

---

*) גרעפּט — שוחד, כּאַבאַר.

**) לאָבי — פאָיע.

— מר. שענקמאַן, איר אַלס עלטערער אַקטיאָר, וועט געוויס מיר וויסן צו ענטפערן אויף עפּעס, וואָס איך וועל אייך פרעגן.

— נו, פרעגט! — ענטפערט אים שענקמאַן.

— איך האָב יאָרצייט נאָך מיין מאַמען 6 טעג אין ניסן, וויל איך וויסן אין וועלכן טאָג עס פאַלט אויס דער 6־טער ניסן.

ענטפערט אים שענקמאַן, אַז ער ווייסט נישט. פאַרדריסט דאָס דעם מר. קאָהן און ער מאַכט שענקמאַנען אַ פאָרוואורף, אַז ער, אַלס עלטערער אַקטיאָר, האָט דאָס יאָ געדאַרפט וויסן. זעט שענקמאַן, אַז זיין פּרעסטיזש ביי אים וועט פאַלן, — פאַלט אים איין אַ געדאַנק אָפּצוטאָן דעם ייד אַ שפּיצל און ער זאָגט צו אים:

— ווייסט איר וואָס, מר. קאָהן, איר זענט דאָך שוין סיי ווי סיי אין דער לאָבי פון טעאַטער, גייט צו צום טעלעפאָן־בוט*), נעמט אַ טעלעפאָן־בוך און מישט אויף דעם בוכשטאַב „נ" און זוכט אויס דאָס וואָרט „ניסאָן", וועט איר זיכער געפינען, וואָס איר זוכט.

מר. קאָהן האָט געפאָלגט און גענומען זוכן אין טעלעפאָן־בוך. ער האָט געשוויצט און געמישט די בלעטלעך, ביז דער אַקטיאָר פיש־קינד איז צוגעקומען און אים געפרעגט, וואָס ער זוכט. דערהערט, וואָס ער זוכט, האָט זיך פישקינד שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט, און ערשט דאָ האָט זיך קאָהן געכאַפּט וואָס פאַר אַ שפּיצל אַן אַקטיאָר האָט אים אָפּגעטאָן.

פון דאַמאָלט אָן איז שוין נישט געווען מער אַזוי לייכט פאַר אַן אַקטיאָר צו באַקומען אַ הלוואה ביים מר. קאָהן.

## ה.

די לעצטע יאָרן האָט שוין שענקמאַן נישט געשפּילט אין קיין שום טעאַטער אָדער וואָדעוויל־הויז, נאָר ער פלעגט אַרויסטרעטן מיט לידער אויף שמחות אָדער זומער אין די האָטעלן.

און אָט אַזוי קומט אַמאָל שענקמאַן צוריק ווינטער, אַרום 3

*) טעלעפאָן־בוט — טעלעפאָן־ביידל.

אַ זייגער פאַרטאָג, פון ניו־הייווען און גייט זיך אַזוי מיטן סעטשל*)
פאַרביי דעם ראָיאַל־קאַפע, טרעפט ער שטיין אין דרויסן דעם דייטש־
יידישן אַקטיאָר מאַקס בראַט.

— וואָס טוט איר דאָ אַזוי שפּעט אין אַזאַ קעלט? — פרעגט
אים בראַט.

ענטפערט אים שענקמאַן מיט אַ טרויעריקער מינע, אַז דאָרט
וואו ער וואוינט אויף סעקאָנד־עוועניו, אויפן צווייטן פלאָר**), האָט
מען צוגענגנבעט די סטעפּס***) פון צווייטן פלאָר, געבליבן זיינען
נאָר די סטעפּס פון ערשטן פלאָר, קאָן ער דעריבער נישט אַריינגיין
צו זיך אין צימער.

— נו, געוויס, — ענטפערט אים בראַט — אַמעריקע. דאָ זיי־
נען די גנבים זייער פּראַקטיש. זיי האָבן געוויס אויפן צווייטן פלאָר
צוגענגנבעט פיל דזשולערי****), האָבן זיי מורא געהאַט, אַז מען זאָל
זיי נישט נאָכלויפן, האָבן זיי מיטגענומען די סטעפּס. אָבער וואָס וועט
איר איצט טאָן?

— ווייסט איר וואָס — רופט זיך אָן שענקמאַן — קומט מיט
מיר מיט, וועט איר מיר העלפן אַרויפגיין צו מיר אין בעד־רום*****)
דורכן פייער־עסקייפ ******)

— ניין, ניין, מר. שענקמאַן — בעט זיך בראַט — איך בין
נישט קיין סיטיזען*******), איך בין נאָך אַ גרינער און מען קאָן מיך
נאָך אַרעסטירן.

— טאָ קומט זשע מיט מיר אין פּאָליציי זיין אַן עדות, אַז מען
האָט צוגענגנבעט דעם צווייטן פלאָר.

-- ווי גאָט איז אייך ליב — בעט זיך בראַט — לאָזט מיך אָפּ...

---

*) סעטשל — רענצל. **) פלאָר — שטאָק.

***) סטעפּס — טרעפּן.

****) דזשולערי — שמוק־זאַכן.

*****) בעד־רום — שלאָף־צימער.

******) פייער־עסקייפּ — טרעפּ אין פאַל פון אַ שׂרפה.

*******) סיטיזען — בירגער.

איך האָב דאָך אייך געזאָגט: איך בין נאָך נישט קיין סיטיזען און איך וויל מיך נישט אריינמישן אין אזעלכע זאכן.

— אָבער דערציילט כאָטש אַקטיאָרן וועגן דער געשיכטע — האָט אים שענקמאַן אָנגעזאָגט.

— אָ, געוויס — האָט אים בראַט בארואיקט.

און צומאָרגנס האָט בראַט דערציילט יעדן אַקטיאָר, ווי מען האָט אַ נאַכט פריער צוגענגבעט ביי שענקמאַנען די סטעפּס פון צווייטן פלאָר...

## ו.

אַ קאָמפּאַניע יידישע אַקטיאָרן, צווישן זיי עליאַס ראָטשטיין, בערטאַ טאַנצמאַן און שענקמאַן, האָט געשפּילט אין באַלטימאָר אין בידזשו־טעאַטער ביים מענעדזשער*) שערמאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ טבע אָפּצולאַכן פון אַלע יידישע אַקטיאָרן. ער האָט שטענדיק געזאָגט, אַז זיי זיינען יאָלדן, האָבן נישט קיין שכל און אַז ער איז דער קלוגסטער אין דער גאַנצער פּראָפעסיע.

אָט די שטענדיקע טענות וועגן זיין חכמה האָבן פאַרדראָסן שענקמאַנען און ער האָט באַשלאָסן אָנצולערנען דרך־ארץ אָט דעם מענעדזשער.

איינמאָל בעת מען האָט געשפּילט גאָלדפאַדענס אָפּערעטע „רבי יאָזעלמאַן” (מליץ יושר), אין וועלכער עס קומט פאָר אַ סצענע, ווען די דריי העלדן „יאָזעלמאַן”, „סאַרו” און „באַרוך” דאַרפן זיך שיפן אין אַ שיפל, האָט שענקמאַן געמעלדעט דעם סטיידזש־מענעדזשער, אַז ער זאָל ניט לאָזן אויפהויבן דעם פאָרהאַנג.

עס איז אריבער די צייט ווען מען דאַרף אָנהויבן שפּילן. אין טעאַטער זיצט אַ גרויסער עולם (ווייל ס'איז גראָד געווען אַ בענעפּיס), וואָס האָט שוין פאַרלוירן דעם געדולד און אָנגעהויבן טומלען, אַז מען זאָל נעמען שפּילן. שענקמאַן לאָזט אָבער נישט אָנהויבן.

אַז דער טומל אין טעאַטער איז שוין געוואָרן שטאַרק, איז דער

---

*) מענעדזשער — טעאַטער־דירעקטאָר, פאַרוואַלטער.

טעאַטער־מענעדזשער געקומען צו לויפן מיט אַ געוואַלט, פאַרוואָס מען שפּילט נישט, דערקלערט אים שענקמאַן, אַז מען קאָן נישט שפּילן, ווייל דאָס בינע־שיפל איז צו קליין. דריי פּערזאָן קאָנען נישט זיצן אין שיפל, מען וועט נאָך אַריינפאַלן אין וואַסער און דער מענעדזשער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייער לעבן.

— טאָ וואָס זאָל איך טאָן? — שרייט דער מענעדזשער פאַר־צווייפלט.

— אַזוי ווי די פּערי*) איז נאָר צוויי בלאָק**) פונדאַנען — ענטפערט אים שענקמאַן — טאָ לויפט צו צו דער פּערי, קויפט אַ טי־קעט***) און איך וועל פאָרן מיט דער פּערי, פאַר צוויי פּערזאָן וועט דאָס שיפל זיין גענוג.

און דער פאַרצווייפלטער מענעדזשער, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ חכם, איז געלאָפן קויפן אַ פּערי־טיקעט.

פאַרשטייט זיך, אַז באַלד נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן שפּילן...

ערשט, אַז דער מענעדזשער איז אַ ביסל געקומען צו זיך, האָט ער זיך געכאַפּט ווי אַן אַקטיאָר, אַ „יאָלד", האָט אים געפירט אין באָד אַריין, און פאַר חרפּה האָט ער זיך צוויי וואָכן נישט געוויזן אין טעאַ־טער.

## ז.

אויף די עלטערע יאָרן האָט שענקמאַן שוין נישט געשפּילט קיין ליבהאָבער, נאָר כאַראַקטער־ראָלן. איינמאָל בעת שענקמאַן האָט גע־שפּילט מיט דוד קעסלערן אין פּיטסבורג דעם אַלטן דייטש „ראַקנפרע־סער" אין דער קאָמעדיע „שלמהקע שאַרלאַטאַן", האָט פּאַסירט אַזאַ עפּיזאָד:

אין דריטן אַקט איז פאַרהאַן אַ סצענע, ווען אַלע זיצן יום־טובדיק געשטימט ביים טיש, מען עסט, מען טרינקט, מען לאָזט זיך וואויל גיין, פירט זיך, אַז דוד קעסלער, וועלכער שפּילט „שלמהקע שאַרלאַטאַן", גייט זיך צו צום דייטש און גיט אים אַ קלאַפּ אין צילינדער. דאָס

---

*) פּערי — אַ קליין שיפל. **) בלאָק — גאַסן.
***) טיקעט — בילעט.

פּלעגט שטענדיק אויסנעמען ביים עולם און קעסלער פלעגט עס עט־לעכע מאָל איבער׳חזרן.

נו, גייט זיך צו קעסלער און גיט אַ זעץ אין שענקמאַנס צילינ־דער, און איידער מען קוקט זיך אַרום, גיט ער נאָך אַמאָל אַ טערע־בעניץ מיט זיין גאַנצן כוח. דאָ גיט זיך שענקמאַן אַ שטעל אויף, און פאַרגעסנדיק, אַז ער איז אויף דער בינע, גיט ער זיך אַ רוף אָן:

— העי, מר. קעי (קעסלערן פלעגט מען רופן פאַרקירצט מר. קעי) האָט אַ ביסל רחמנות, דער צילינדער איז נישט קיין סטיידזש־פּראָפּער־טי*), דאָס איז מיינער אַן אייגענער, פּריוואַטער צילינדער.

— סאָ... סאָ... — ענטפערט קעסלער אויף זיין אייגנאַרטיקן שטייגער — ווינאָוואַט, פּאַרדאָן, נאָ מאָר**).

## ח.

איינמאָל, בעת שענקמאַן האָט געשפּילט אין מעטראָפּאָליטאַן־טעאַטער אין שיקאַגאָ ביים מענעדזשער און אַקטיאָר עלים גליקמאַן, האָט ער געבעטן ביי גליקמאַנען צוויי פּעסעס***). גליקמאַן האָט אים צוגעזאָגט, אָבער צום סוף נישט געוואָלט געבן, דערקלערנדיק, אַז אַלע טיקעטס זיינען אויספאַרקויפט. גראָד האָט שענקמאַן יענעם אָוונט גע־שפּילט „אַבשלום" אין „שולמית" און געוואָלט זיך באַווייזן פאַר זיינע פריינט און דער אָפּזאָג האָט אים דעריבער זייער פאַרדראָסן.

אין אָוונט, אַ שעה פאַרן שפּילן, איז שענקמאַן אַרומגעגאַנגען צווישן אַלע טעאַטער־אָנגעשטעלטע: דעם קעשיער, די דאָרלייט, די אָשערס און די סטיידזש־הענד****) און אַלעמען אָנגעזאָגט, אַז דאָס טעאַטער איז פון היינט אָוונט אָן איבערגעגאַנגען צו אַן אַנדערן מע־נעדזשער, און אויב גליקמאַן, דער ביז איצטיקער מענעדזשער וועט קו־מען, זאָל מען אים נישט אַריינלאָזן, וואָרום אויב נישט וועט זיין טראָבל*****).

---

*) סטיידזש־פּראָפּערטי — רעקוויזיט.

**) אַנטשולדיקט, מער נישט.

***) פּעסעס — פּאַספּאַרטוס.

****) קאַסירער, בילעטערן, פּלעצער־ווייזער און בינע־אַרבעטער.

*****) טראָבל — עגמת־נפש.

אַז גליקמאַן איז אַ ביסל שפּעטער געקומען, האָט מען אים נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין טעאַטער.

— מיר ווייסן, אַז איר האָט מער נישט צו טאָן מיט אונזער טעאַטער. — האָבן די דאָרלייט אים דערקלערט — גייט אייך געזונטערהייט!

גליקמאַן גייט צו צום קעשיער, באַקומט ער אַזאַ זאָג:

— פּליז, באַדערט מיך נישט, איר זעט דאָך, אַז איך בין ביזי*). דער נייער מענעדזשער וועט קומען, וועל איך האָבן טראָבל.

— וואָס איז דאָ — שרייט גליקמאַן — זענט איר משוגע געוואָרן? איר קענט מיך נישט?

און אַזוי ווי ס'איז שוין געווען שפּעט און גליקמאַן האָט זיך נאָך געדאַרפט גרימירן אַלס דער אַלטער „מנוח" און זיין דער ערשטער אויף דער בינע, איז ער שנעל צוגעלאָפן צו דער בינע־טיר, ערשט דאָ לאָזט מען אים אויך נישט אַריין.

געזען, אַז דאָס שפּיל איז פאַרן טיוול, האָט גליקמאַן געהייסן, אַז מען זאָל אים אַרויסשיקן שענקמאַנען. ערשט אין דרויסן, נאָכדעם ווי גליקמאַן האָט אים צוגעזאָגט פון היינט אָן שוין צו געבן וויפיל פּעסעס ער וועט בעטן, האָט שענקמאַן אַריינגענומען גליקמאַנען און אַלעמען אויפגעקלערט וועגן דעם שפּאַס, וואָס ער האָט אויסגעטראַכט.

## ט.

איינמאָל, בעת שענקמאַן האָט געשפּילט אין שיקאַגאָ, קומט צו צו אים אַן אַקטיאָר, מיט וועלכן שענקמאַן האָט געהאַט אַן אַלטן חשבון, נ׳י ער קאָן אים נישט געבן די „אַמעריקאַנער קינדער".

שענקמאַן האָט געוואוסט, אַז דער אַקטיאָר מיינט אַ פּיעסע מיט אַזאַ נאָמען. ער האָט זיך אָבער נישט געמאַכט וויסן און געהייסן דעם אַקטיאָר מיטגיין מיט אים אַהיים.

גראָד האָט געגאָסן אַ מבול. שענקמאַן איז געווען אָנגעטאָן אין אַ

---

*) זייט אַזוי גוט און פאַרדרייט מיר נישט דעם קאָפּ, איר זעט דאָך, אַז כ׳בין פאַרנומען.

רעגן־מאַנטל, אָבער דער אַקטיאָר איז געווען אָנגעטאָן אין א לייכט רעקל, אָן א מאַנטל און ניט געהאַט קיין שירעם, און ווען זיי זיינען אריינגעקומען צו שענקמאַנען, איז דער אַקטיאָר געווען נאַס ווי אַן אָפּגעצוואָגענע קאַץ.

שענקמאַן האָט דעם אַקטיאָר אריינגענומען צו זיך אין בעד־רום*) און צופירנדיק אים צו א בעטל, וואו עס זיינען געלעגן שענקמאַנס צוויי יונגע זין, האָט ער אים, אָנווייזנדיק אויף זיי, געזאָגט:

— אָט האָסטו די אַמעריקאַנער קינדער און נעם זיי.

— ביזט משוגע? — צעשרייט זיך דער אַקטיאָר — איך האָב דאָך געמיינט די פּיעסע „אמעריקאַנער קינדער".

— אזוי — מאַכט זיך שענקמאַן תמעוואַטע, — פאַרוואָס האָס־טו עס מיר באַלד נישט געזאָגט?

ערשט איצט האָט זיך דער אַקטיאָר געכאַפּט, אַז שענקמאַן האָט אים געוואָלט זיך לאָזן דורכווייקן אין וואַסער פאַר די טרערן, וועלכע ער האָט אמאָל פאַרשאַפט שענקמאַנען.

---

שענקמאַן האָט געהאַט א פרוי, אַן אַקטריסע, מיט וועלכער ער האָט זיך שפּעטער געגט, און צוויי זין, פון וועלכע איינער איז געוואָרן אַן אַקטיאָר אויף דער ענגלישער וואַרייטי־בינע אונטערן נאָמען „אל. שענק" און שפּילט היינטיקן סעזאָן אויף דעם יידישער בינע אין פי־לאַדעלפיע.

אין די לעצטע יאָרן, ווען שענקמאַן איז שוין געווען אויסגעשטעלט צו מאַכן א לעבן פון אזוי געררופענע קאָנצערטן אָדער פון הלוואות, פלעגט מען אים זייער אָפט טרעפן גאַנצע טעג, באַזונדערס אָבער אין די נעכט, זיך ארומדרייען פאַרן קאַפע ראָיאַל אָדער אויף דער סעקאָנד־עווענױ, עטלעכע בלאָק**) ארום דעם קאַפע־הויז. אין קאַפע גופא פלעגט ער זעלטן אריינגיין, אויסער איינמאָל ווען עס איז אים געוואָרן זייער שלעכט, איז ער אריין און זיך אוועקגעשטעלט זינגען צווישן די

*) שלאָפציממער.

**) גאַסן

טישלעך. עטלעכע אַקטיאָרן האָבן באַלד געשאַפן פאַר אים אַ קליינע סומע און אים אַרויסגעפירט. ווען באָרים טאָמאַשעווסקי איז צוריק־געקומען פון אייראָפּע און געטראָפן שענקמאַנען, מיט וועמען ער האָט געשפּילט אין די ערשטע יאָרן פון יידישן טעאַטער אין אַמעריקע, האָט ער אים אונטערשטיצט. אָבער שענקמאַן האָט זיך נישט געקאָנט באַ־רואיקן. ער איז זייער אָפט געשטאַנען מיט אַ פּעקל פּאַפּירן אין האַנט און געטענהט.

דאָס איז געווען אַ פּעקל קאָפּיעס פון בריוו און טעלעגראַמעס, וואָס די „האַיאַס" האָט אויף זיין ביטע געשיקט אין די שטעט, וואו זיין זון, דער ענגלישער וואָדעוויל־אַקטיאָר, האָט זיך געפונען, אַז ער זאָל צושיקן שטיצע פאַר זיין פאָטער. דער שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז די בריוו און טעלעגראַמעס האָבן קיינמאָל נישט געטראָפן דעם גע־זוכטן. שענקמאַן איז אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכער מרה־שחורה. ער איז אַרומגעגאַנגען פאַרצווייפלט, מעלאַנכאָליש און זייער אָפט געוויינט. טיילמאָל פלעגט ער קראַנק ווערן, און אין זיין ענגן צימער אויף דער 12־טער סטריט, וואוהין איך פלעג אָפט קומען, פלעגט ער ליגן איינ־זאַם אין זיין בעטל און בעטן אויף זיך דעם טויט.

געווען אַ סך פאַלן, ווען ער האָט געסטראַשעט מיט באַגיין זעלבסטמאָרד. איינמאָל האָט ער מיך איבערגעשראָקן אויף טויט מיט אַ וואָרנונג, אַז אויב איך קום נישט באַלד צו אים, וועל איך אים שוין נישט טרעפן קיין לעבעדיקן.

ענדלעך האָט ער היינטיקן זומער געפונען זיין זון און דער זון האָט אים אַרויסגעשיקט אין אַ זומער־פּלאַץ צו פאַרבעסערן זיין געזונט. דערציילט מיר דער סופלער לואיס גאָלדשטיין, אַז היינטיקן זומער, ווען עס איז אין אַ געוויסן זומער־פּלאַץ פאָרגעקומען אַ בענעפיס פאַרן אַלטן אַקטיאָר אברהם פישקינד און גאָלדשטיין האָט פאָרגעשטעלט פישקינדן אַלס דעם עלטסטן לעבן־געבליבענעם יידישן קאָמיקער, האָט שענקמאַן, וועלכער איז אויך דאָרט געווען, אַרויסגעשיקט זיין זון בעטן, אַז ער וויל אַרויפגיין אויף דער בינע.

שענקמאַן איז אַרויף אויף דער בינע, כדי צו ווייזן, אַז ער, דער אַלטער יידישער אַקטיאָר, לעבט נאָך. דאָס איז אַ פּנים געווען זיין לעצטער „אויפטריט".

צוריקגעקומען אין ניו־יאָרק, האָט זיך שענקמאַן געליינט אין אָוונט שלאָפן און איז איינגעשלאָפן אויף אייביק, ווי ער פלעגט פאַר מיר אָפט אויסדריקן זיין וואונטש.

שענקמאַן האָט נישט דערלעבט צו זען ווי זיין זון הויבט איצט אָן צו שפילן יידיש אין פילאַדעלפיער יידישן טעאַטער, יידיש טעאַטער — 50 יאָר שפּעטער, ווי ער, זיינוול שענקמאַן, א בליענדער יונגערמאַן האָט אָנגעהויבן שפילן מיט אדלערן, קעסלערן און טאָמאַשעווסקין.

„די אידישע וועלט", 13־11 אָקטאָבער 1932.

# דער יובילאַר

קיינער אין זיין משפחה איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער מוזיקער, כּלי־זמר, חזן, בדחן אָדער אַקטיאָר. אָבער אין דער אָרימער קירזשנער־שטוב אין ווילנע, וואו י אָ ס ל ר ו מ ש י ס ק י איז געבוירן געוואָרן מיט 50 יאָר צוריק, האָט די אַרבעט הארמאָנירט מיט געזאַנג. שער און נאָדל האָבן זיך באַוואויגן צום טאַקט פון אַ ניגון, און דער ניגון איז נישט תמיד געווען אַ פריילעכער, אַ לוסטיקער. אָפט מאָל האָט ער אויסגעדריקט צער און דאגות־פּרנסה. אָבער אַ ניגון איז תמיד דאָרט געהערט געוואָרן.

דער פאָטער, ר׳ משה, האָט געאַרבעט מיט זיינע 5־6 געזעלן און באַגלייט זיינע אַרבעטס־באַוועגונגען מיט ניגונים. אַ פריילעך אָרים יידל, פלעגט ר׳ משה צו אַלעמען ריידן מיט אַ טאָן פון נגינה, בבחינת רעטשיטאַטיוו. אַז ס׳פלעגט פאַרפאַלן ווערן די שער, אַז מען האָט געזוכט דעם פינגערהוט, צי מען האָט געדאַרפט דערלאַנגען אַ שטיקל געוואַנט, האָט ער נישט סתם אַרויסגערעדט, נאָר א ר ו י ס ג ע־ ז ו נ ג ע ן. און משלים און ווערטלעך זיינען אויך געווען אָפטע באַ־ גלייטער אין זיינע שמועסן. דאָס האָט יוספס פאָטער, ר׳ משה, איבער־ גענומען פון זיין פעטער חיים רומשיסקי, אַ באַוואוסטער מגיד.

אַ קייט פון נגינה האָט זיך געקייטלט פון דעם מגיד, וואָס האָט זיין יעדעס וואָרט פון מ ו ס ר אַרויסגעזונגען, ביז צו דעם קירזש־ נער, וואָס האָט זיין א ר ב ע ט אויסגעזונגען, ביז צו דעם קאָמפּאָ־ זיטאָר יאָזעף רומשינסקי, וואָס האָט זיין ברייטע פאַנטאַזיע און ל ע ב נ ס ־ ל ו ס ט אויסגעגאָסן אין געזאַנג.

די מוטער, צלבה, אַ הויכע, שיינע יידענע, איז געווען די בעסטע קענערקע פון די לידער פון דעם ווילנער און שפּעטערדיקן פאָלקס־טרו־

באַדור אליקום צונזער. פלעגן שכנטעס אַמאָל פאַרגעסן אַ פּאָר סטראָפן אָדער אַמפּערן זיך וועגן דעם, ווי אַזוי מ׳דאַרף זינגען צונזערס אַ ליד, פלעגט מען קומען צו יוספּס מאַמע, און זי פלעגט פּסקענען.

די שטוב — אַ ברונעם פון נגינה, פון וועלכן יוסף האָט געטרונ־קען אומבאַוואוסטזיניק און נאַטירלעך ווי מען אָטעמט, אָן אַ ספּעציעלן חשבון.

לערנענדיק אין חדר, געקומען אין דער ערשטער באַרירונג מיט אַ פּראָפעסיאָנעלן זינגער. געהערט וועגן אַ משורר, וואָס שלאָפט אין אַן אַלקערל פון חדר, און אַן אינערלעך געפיל, דער שוין פאַרזייטער שורש פון דעם מוזיקער, האָט גענומען ציען. יוסף שטעלט זיך אַוועק אַ פרייטאָג זאָגן די הפטורה מיט אַ ספּעציעלער מתיקות. דאָס מאַכט ער „פּראָבע" פאַר דעם משוררל, וועלכער געפינט זיך גראָד איצט אין זיין אַלקערל. און דער ציל איז דערגרייכט — דער משורר איז מאָנ־טאָג שוין אַוועק מיט אים צום חזן קאַהאַן. ווי אַ יונגער סאָלדאַט, וועלכן מ׳איז ערשט מחנך, אַזוי האָט מען דעם 8־יאָריקן יאָסעלע צוערשט אַריינגעשטעלט אין „משוררים־רעזערוו". אָבער מיט יעדן טאָג וואַקסט דאָס קליינע, פּוכיקע יינגל, זיין שטים ווערט שטאַרקער, און שוין שטאָלצירט זיין ערשטער מוזיקאַלישער רבי, דער דיריזשאָר איסאַק, אַז ער האָט געפּאַקט אַ „כלי".

יאָרן גייען — חזנים וועקסלען זיך, ביז יאָסל, וועלכער הייסט שוין איצט „יאָשקע דער נאָטן־פּרעסער", קומט אָן אַלס אַלט און האַלבער דיריזשאָר צום באַרימטן חזן בערענשטיין. פון איצט אָן הויבט אָן רומשיסקי אָנצופירן מיט עלטערע פון אים, עלטערע אין יאָרן און יונגערע אין פעאיקייטן, אין פאַרשטענדעניש און געפיל פאַר מוזיק.

וואָלט אפשר יאָשקע געבליבן אין זיין ווילנע, ווען עס קומט נישט אונטער דער באַרימטער אָדעסער חזן ראַזומני, וועלכער נעמט אים מיט אויף וואַנדערונגען איבער רוסלאַנד. און אַזוי וואַנדערנדיק, האָט רומשיסקי מיטגעזונגען אין 1894 איין מאָל אין כאָר פון קאַמינסקיס טרופּע, וועלכע האָט דאַמאָלט גאַסטראָלירט אין גראָדנע. און יענע נאַכט, דאָס איינע מאָל זינגען אין כאָר, האָט זיך ווי מיט גליענדע אָו־תיות איינגעקריצט אין רומשיסקיס זכרון — עס איז געווען אַן אָפּע־רעטע פון אַ ב ר ה ם ג אָ ל ד פ אַ ד ע ן, עס איז געווען „שולמית"

און עס איז געווען אַ תחית־המתים פון אַ פאַנטאַזיע — ער האָט פאַר זיך ווידער דערזען זיין פאַרשטאָרבענע מ אַ מ ע: אסתר־רחל קאַ־מינסקאַ, וועלכע האָט שולמית געזונגען, האָט געהאַט פיל ענלעכקייט צו זיין מוטער, און ווידער האָט זיך פאַר אים געוועבט די נגינה פון זייער שטוב...

יאָרן גייען, צוגעקריגן אַ סך מוזיקאַלישע פּראַקטיק, אַ ביסל טעאָ־רעטישע ידיעות אין מוזיק און אין אַלגעמיינע למודים ביי פאַרשידענע לערער.

פאַרלוירן די „קנאַבן־שטימע", געוואָרן אַ דיריגענט ביים חזן ראַבינאָוויטש אין דווינסק און געמאַכט דעם ערשטן שריט צו קאָמ־פּאָזיציע — אַ וואַלס פאַר פּיאַנאָ. אָבער דעם בחורל ציט שוין צו אַן אַנדערער וועלט. די לעבנס־פרייד, וואָס יווירט אין דעם יונגן בלוט, לאָזט אים נישט בלייבן דערשטיקט אין די ענגע ווענט פון כלי־קודש. ער ווערט אַ כאָר־מייסטער אין אַ טעאַטער, און גראָד נישט אין אַ יידישן, נאָר אין אַ רוסישן אָפּערע־און־אָפּערעטעס־טעאַטער. ווייל אָבער דער שיקזאַל, אַז יוסף רומשיסקי זאָל נישט בלייבן קיין תינוק שנשבה בין הגויים, און ווען די רוסישע טרופּע שפּילט אין יעליסאַוועטגראַד, קומט אַהין צו פאָרן קאַמינסקיס טרופּע און אסתר־רחל קאַמינסקאַ (אין זכות פון איר „פּראָטאָטיפּ" — רומשיסקיס מאַמע) פועלט ביי רומשיסקין מיטצופאָרן קיין לאָדז אַלס דיריגענט אין איר יידישער טרופּע.

און לאָדז שפּילט אַ גרויסע ראָל אין זיין לעבנס־געשיכטע. אַ די־ריגענט אין דאָרטיקן יידישן טעאַטער איז רומשיסקי נישט געוואָרן, ווייל דאָס יידישע טעאַטער איז תיכף פאַרווערט געוואָרן מצד דער רע־גירונג, אָבער רומשיסקי געפינט באַלד אַן אַנדערע סביבה, וואו זיין מוזיקאַלישע נשמה קאָן זיך אויסלעבן. אַ קרייז פון ליבהאָבער־זינגער טאַפּט אין דער פינסטער, וועבט עפּעס אַ פּלאַן פון אַ געזאַנג־פאַראיין. ביי אַ טיש זיצט מען און מען זינגט און נאָך מער רעדט מען פון זינגען. דער יונגער רומשיסקי קומט דאָ אריין און באַלד ווערט אַן איבערקערעניש: ער צינדט אָן מיט זיין פאַנטאַזיע: קודם כל צוגעגעבן אַ ט ע אַ ט ר אַ ל ן כאַראַקטער די פּראָבן. דאָס צימער דאַרף זיין ל י י ד י ק פון מעבל און פ ו ל מיט נגינה.

דאָס קול פון דעם ענגן חדרל צעקלינגט זיך באַלד איבער גאַנץ לאָדזש, דערנאָך איבער דער גאַנצער יידישער וועלט: פון דעם הייפּעלע „ליבהאָבער־זינגער" ווערט די שפּעטער, איינציק אין איר אַרט, גרויסע יידישע מוזיק־אינסטיטוציע „הזמיר"; פאָלקס־לידער ביז אָראַטאָריעס פון היידען, הענדעל און מענדעלסאָן ברענגט רומשיסקי אַרויס מיט די יונגעלייט, פון וועלכע אַ סך ווערן דערנאָך באַרימטע זינגער. ער לערנט אַנדערע און גלייכצייטיק לערנט ער זיך. דער גרויסער פּוילי־שער מוזיקער הענריק מעלצער איז זיין רבי, און בינו לבינו כאַפּט ער אויך אַריין אַ קורס קאַפּעלמייסטער אין וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע. און זיינע נייגונגען צו קאָמפּאָזיציע פאַרנאַכלעסיקט ער אויך נישט — קליינע אייגענע זאַכן פירט ער אויף טאַקע מיטן „הזמיר"־כאָר.

אַ וואָלקן רוקט זיך אָבער אָן — פּריזיוו. באַשלאָסן בעסער צו דינען דער גנעטין מעלפּאָמענאַ ווי דעם גאָט מאַרס — אַוועק קיין לאָנדאָן. דאָ געלערנט מוזיק און געווען אַ יושב אָפּערעס וקאָנצערטן. געפּלאַנט אָן אַ שיעור פּלענער: צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד, געטראַכט וועגן יידישן טעאַטער, אָבער גענוג געווען צו באַזוכן דאָס לאָנדאָנער יידישע טעאַ־טער, כדי אַ נדר צו טאָן אַרויסצושלאָגן זיך פון קאָפּ דאָס וואָרט „יידיש טעאַטער"; פאַנטאַזירט צו פאָרן קיין עסטרייך דאָרט צו שטו־דירן מוזיק, צום סוף האָט געזיגט אַ גלגול פון ווילנע.

טשאַרלס צונזער פון ניו־יאָרק, אַ זון פון ווילנער אליקום צונזער, האָט געשדכנט דעם ווילנער רומשינסקי פאַר ניו־יאָרק. דער יונגער צונזער האָט דאַמאָלט שטודירט אין לאָנדאָן און, אין זיין חברותא מיטן יונגן רומשינסקי, האָט ער אין אים אָנגעצונדן אַן אַמביציע צו פּרובן זיינע כוחות אין אַמעריקאַנער יידישן טעאַטער.

און אין יולי 1904 איז יוסף רומשיסקי געקומען אין ניו־יאָרק. אַלע פאַנטאַזיעס זיינען באַלד אויסגערונען. צום יידישן טעאַטער קאָן מען נישט צוקומען, און דאָס יידישע טעאַטער, וואָס איז נאָך קיין 25 יאָר נישט אַלט, האָט אַ פּנים פון אַ טויזנט־יאָריקער זקנה... ווערט ער אַ פּיאַנאָ־לערער און פאַרפאַסט עטלעכע קלענערע קאָמפּאָזיציעס, דע־רונטער אַ טרויער־מאַרש אין שיכות מיטן קעשעניעווער פּאָגראָם. אַ שטיק פון זיין אייגענעם טרויער נאָך זיין פּאָגראָמירטער וועלט איז אויסגעגאָסן אין דעם טרויער־מאַרש.

ווי א שמעטערלינג ציט צום פייער, אזוי ציט פאָרט רומשיסקין צום טעאַטער, אָבער ניו־יאָרק איז פאַר אים פאַרשלאָסן, ווערט ער א דיריגענט אין באָסטאָן און שרייבט אויך נומערן צו מעלאָדראַמעס. דאָרט האָט ער חתונה געהאַט מיט דער אַקטריסע סאַבינאַ לאַקסער, א פיין־פילנדע נשמה. זי פאַרשטייט אים, טרייסט אים, מוטיקט אים און — רומשיסקי פאָרט צוריק קיין ניו־יאָרק, וואו ער מוז מאַכן א לעבן פון געבן מוזיק־לעקציעס און פאַרפאַסן מוזיק פאַר פיאַנאָ־סטודיעס. דאַן ווערט ער א דיריגענט אין קליינעם ליריק־טעאַטער, וואו ער שרייבט מוזיק־נומערן צו אייניקע פיעסעם. 1908-09 — ווערט רומשיסקי, וועלכער הייסט שוין איצט י אָ ז ע ף  ר ו מ ש י נ ס ק י, דיריגענט אין ווינדזאָר־טעאַטער אונטערן מענעדזשעמענט פון לעאָפּאָלד שפּאַכנער און יעקב פּ. אַדלער. דאָ שרייבט שוין רומשינסקי מוזיק פאַר פּול־שטענדיקע אָפּערעטעס, אָבער פּאָפּולער ווערט ער מיט זיין מוזיק צו „ויתן לך“, א קאָמפּאָזיציע, וואָס איז נאָך ביי רומשינסקים לעבן אריין אין אוצר פון דער יידישער מוזיק אַלס פאָלקס־ליד, אָן נאָמען פון קאָמפּאָזיטאָר.

פון איצט הויבט זיך אָן א נייער פּעריאָד אין רומשינסקים לעבן. ער הויבט אָן אויסצוקעמפן דאָס רעכט פאַר זיין טאַלאַנט. דער שימל, וואָס איז אָנגעוואַקסן אויף דעם פעלד פון דער יידישער טעאַטער־קאָמפּאָזיציע, מוז אָפּגערייניקט ווערן. פרישע זריעה מוז פאַרזייט ווערן, אויב נישט וועט דאָס טעאַטער ווערן אַן עקרה, עס וועט נישט אויסטראָגן מער קיין נייע לעבן. רומשינסקי פירט אריין א נייעם אטאָם אין דעם קערפּער פון יידישן טעאַטער — ער פאַרפאַסט אילוסטראַציע־מוזיק צו יעקב גאָרדינס „אלישע בן אבויה“. י ע ק ב  פּ. אַ ד ל ע ר, וועלכער איז דורכגעפאַלן מיט דער פּיעסע, דערפילט, אַז אין דער נייער מוזיק ליגט זיין ישועה. „אלישע בן אבויה“ מיט רומשינסקים מוזיק האָט באַקומען א תיקון. די טרוקענע ביינער האָבן אַרויפגעקראָגן אויף זיך הויט און א נייע נשמה. רומשינסקי איז נויטבאַדערפטיק פאַרן י י ד י ש ן  ט ע אַ ט ע ר, ער איז אָבער נישט נויטיק פאַר דער מ ו ז י ק ע ר ־ י ו נ י אָ ן און עס הויבט זיך אָן א קאַמף, וואָס דער רעזולטאַט דערפון איז, אַז אַדלער גיט אויף דאָס גרענד טעאַטער און לאָזט זיך צוזאַמען מיט רומשינסקין

אַפריכטן גלות איבער דער פּראָווינץ. אָבער 2 יאָר שפּעטער געלונגט פּאָרט רומשינסקיס מוזיק צו „אלישע בן אבויה" ארויסצושאַלן אין ניו־יאָרק, און 18 וואָכן כסדר פּיערט רומשינסקי זיין ערשטן גרויסן טריומף אַלס קאָמפּאָזיטאָר.

און פון איין טריומף צום אַנדערן — אַ נ ש ל ש אָ ר באַ־ווייזט זיך אויף דער אַרענע מיט זיינע מוזיקאַלישע קאָמעדיעס און דאָ צעשפּרייט רומשינסקי זיינע פליגלען. ער איז דאָ דער ערשטער צו שרייבן אַ „מאַמע־ליד" („אוי וויי, מאַמעניו" און „דאָס מיידל פון דער וועסט"), ער איז דער ערשטער אַריינצופירן אין דער יידישער אָפּערעטע אַ לייט־מאָטיוו („שיר השירים"), דער ערשטער אַריינצופירן אין דער יידישער אָפּערעטע אמעריקאַנער מוזיק און דאָס לייכטע שאַנסאָנעטן־ליד („חנטשע אין אַמעריקע"). רומשינסקיס השפּעה אויפן יידישן טעאַטער ווערט איצט אויס לאָקאַל, זי ווערט אַן אַלגע־מיינע, איבער דער גאַנצער וועלט. די נייע מוזיק, דער נייער אופן, דער וועלטלעכער, פרישט אָפּ דאָס יידישע טעאַטער אין דער גאַנצער וועלט, קלאַראַ יאַנגס דערפאָלג אין אייראָפּע, וואָס האָט אַריינגע־בראַכט די יידישע בורזשואַזיע און אינטעליגענץ אין יידישן טעאַטער, איז אין דער גרעסטער מאָס צו פאַרדאַנקען דער רומשינסקי־מוזיק, וואָס זי האָט דאָרט געזונגען.

דער וואולקאַן פון שאַפונג, וואָס ברויזט און עקספּלאָדירט אין רומשינסקין, קאָן זיך אָבער נישט באַרואיקן. דאָס יידישע טעאַטער לעבט אומערלעך. יידיש אָפּערעטן־טעאַטער איז עס נאָר לויטן נאָמען, נישט מער. דאָס קליינע אָרקעסטערל שטערט דעם מוזיקאַלישן מענטש צו באַזוכן דאָס יידישע טעאַטער. עס ווערט בלויז „אָפּגעשפּילט" אַן אָפּערעטע, אָבער נישט געשפּילט. מען „מוישעט" אָפּ דעם „מוישע", און רומשינסקי פאַרווירקלעכט ענדלעך זיין לאַנג־יאָריקע שטרעבונג צו פאַרגרעסערן דעם אָרקעסטער, אַריינגעבן דאָרט אַזעלכע אינס־טרומענטן, וואָס זאָלן געבן די מעגלעכקייט אַ קאָמפּאָזיטאָר צו לאָזן הערן זיין פאַנטאַזיע. אַן אָרקעסטער ווי ביי לייטן. דאָס איז אַ רע־וואָלוציע אין דער יידישער טעאַטער־וועלט. מ'האָט שוין הונדערטער אָפּערעטעס, „אָפּערעס", אויפגעפירט מיט די זעקס הענט, אָבער דער „ליטוואַק" אין רומשינסקין, דער עקשן, עקשנט זיך, און ב אָ־

ריס טאָמאַשעווסקי איז דער, וועלכער העלפט רומשינסקין צו פאַרווירקלעכן זיין פאַנטאַזיע. מיט דער אויפפירונג פון רומשינ־סקי־טאָמאַשעווסקיס „צעבראָכענע פידעלע" (1916־17) הויבט זיך אָן אַ נייַ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין אַמערי־קע — די געשיכטע פון דער גרויסער יידישער אָפּערעטע — גרויס אין איר פאַרנעם און אין איר אָרקעסטראַלער באַגלייטונג.

און איז דער ערשטער שריט געמאַכט, גייט שוין רומשינסקי ווייטער אין דעם וועג. יעדע אָפּערעטע פאַרגרעסערט נאָך זיין פּאָפּו־לאַריטעט. ער ווערט איינער פון די פּאָפּולערסטע יידן אין אַמעריקע און פון די פּאָפּולערסטע לעבעדיקע יידישע טעאַטער־נעמען אויף דער וועלט.

און רומשינסקי גייט נאָך ווייטער אויפן וועג פון זיין דערהויבן די יידישע אָפּערעטע — מיט אַן אייזערנער האַנט אַטראַפּירט ער דאָס אַלטע, מער־נישט צירקולירנדיקע בלוט אויף דער יידישער בינע און פירט אריין יונג, פריש, צאַפּלדיק בלוט. צענדליקער יונגע מייד־לעך און בחורים ווערן דורך אים אַרויסגעפּישט פון די כאָרן און אויפגעצויגן אַלס יונגע ליבהאָבער, פּרימאַדאָנעס, סובּרעטינס און בוף־קאָמיקער. די יידישע בינע ווערט יונג. ער ווערט אַפילו דער פּראָ־פעסאָר וואָראָנאָוו פון משותּלחדיקן כאָר. ער באַפרייט דעם גאַנצן „לאַנדשטורם" און פירט אריין אין כאָר זייערע יונגע טעכטער. דאָס יידישע טעאַטער באַקומט אַ נייַ פּנים, און אַזוי ווי קיין זאַך איז ביי דער בינע נישט אַזוי וויכטיק ווי אַ נייַ פּנים — איז רומשינסקי פּשוט דער דערלייזער פון יידישן אָפּערעטע־טעאַטער אין אַמעריקע.

ווידער קומען דערפאָלגן נאָך דערפאָלגן. רומשינסקי ווערט נישט פאַרגליווערט אין אָריאַל פון אַפּלאָדיסמענטן און הידד־קריטיק, אַפילו נישט נאָך דעם שטורמישן דערפאָלג פון דער איינדרוקספולער מוזיק צו באַדערס „רבינס ניגון". אָבער יענער ניגון „איך בענק אַהיים", וואָס האָט געמאַכט אויפציטערן צענדליקער טויזנטער הער־צער פון טעאַטער־פּובּליקום, האָט אויך אָנגערירט די סטרונעס פון בענקשאַפט ביי זיין שאַפער: יאָזעף רומשינסקי לאָזט זיך קיין אייראָ־פּע. ער ווערט דורכגעדרונגען מיט צער צו די מאַטעריעלע ליידן פון זיינע לאַנדסלייט, וועלכע ער לינדערט שפּעטער דורך זיין אַקטיווער

הילף אין דעם ווילנער רעליף־קאָמיטעט. אָבער רומשינסקי זוכט נישט נאָר קבר־אבות, נאָר ער זוכט אויך אַ נייעם שטראָם פון בלוט פאַר דער יידישער בינע אין אַמעריקע. ער זוכט צו ברענגען אַ נייעם "קר־בן" פון יונגנט אויפן מזבח פון דער יידישער טעאַטער־קונסט. ער זעט אין אייראָפּע שפּילן מאַלי פּיקאָן און מאַכט דערוויל ערב־שבת מיט מאַטילדאַ סען־קלעיר, וועלכע ער ברענגט אין אַמעריקע. און באַלד אַ שפּרונג — פון דעם לייכטן ווינטעלע צו אַ שטורם — פון דער לייכטער מוזיקאַלישער קאָמעדיע צו דער ערשטער ערנסטער גרויסער אויפפירונג (1922—23) פון גאָלדפאַדענס „שולמית" מיט בערטאַ קאַליש. אַן אויפפירונג, וואָס האָט אַריינגעהויכט אַ ניי לעבן אין דער צאַרטער, אָבער שוין אויסגעמוטשעטער ציונס טאָכטער. די אויפפירונג האָט צום ערשטן מאָל מקדש געווען דעם נאָ־מען פון גרינדער פון דער יידישער בינע — אברהם גאָלדפאַדען.

און דאָ קומען מיר צו אַ ניי קאַפּיטל רומשינסקי — דער ר ו מ־ ש י נ ס ק י ־ מ א ל י ־ פּ י ק אָ ן ־ ק א ל י ך ־ פּעריאָד. אַ משך פון 8 יאָר, דורך וועלכע רומשינסקי־אָפּערעטעס האָבן מיט זייער לוס־טיקער כל־בו־מוזיק, — מיט זייער צונויפגיסן יידישקייט מיט וועלט־לעכקייט, אייראָפּע און אַמעריקע; דאָס פרומע, צאַרטע, פאַרחלומטע, מיטן פרייען, פאַרשייטן און הפקרדיקן — אָפּגעהאַלטן דעם אָפּפלוס פון יידישן טעאַטער־פּובליקום. אייניקע הונדערט נגונים, וואָס האָבן ווי מיט אַ האַמער געהאַמערט אין די יידישע שטובן אין אַמעריקע און נישט געלאָזט אויסרינען דאָס י י ד י ש ע געלעכערטע כוס.

אָבער דידאַזיקע שאַפונג האָט נישט צוגענומען דעם ג א נ צ ן רומשינסקי. ער געפינט נאָך צייט צו שרייבן אַרטיקלען, אין וועלכע ער דריקט אויס אין אַן אָריגינעלער פאָרם זיינע מיינונגען וועגן חזנות, מוזיק און יידיש טעאַטער, דערציילט זיינע מערקווירדיקע אי־בערלעבענישן ביים יידישן טעאַטער און כאַראַקטעריזירט אויף אַ שניידענדן אופן מאַנכע פּערזענלעכקייטן אין דער יידישער טעאַטער־וועלט. ער געפינט אויך גענוג צייט און אויסדרוקס־קראַפט פאַר פּרעכ־טיקע חזנישע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע ער פירט אַליין אויף צו צוויי חזנים־קאָנצערטן, וואָס שטורמען אויף דאָס יידישע ניו־יאָרק.

און ביי דעם אַלעם איז רומשינסקי שטענדיק פריי און האָט צייט צו זיצן ביים טישל אין קאַפע ראָיאַל און „זאָגן תורה".

יאָזעף רומשינסקי איז ערשט 50 יאָר יונג. זאָל ער נאָך לאַנג אַזוי יונג און שעפעריש זיין. ער איז אַ ברכה פאַר אונזער דור און זיין נאָמען וועט מיט ליב און אָנערקענונג דערמאָנט ווערן אין די קומענדיקע דורות.

„רומשינסקי־בוך", 1931

# דער בעל-זכרון

נאָך איינער פון די לעצטע האָט זיך אויף אייביק אָפּגעריסן פון אונזערע רייען און אַוועק אין יענעם לאַנד, פון וועלכן ס'איז נאָך קיינער נישט צוריקגעקומען.

די לעצטע... מ'קאָן זיי שוין ציילן אויף די פינגער, די געבליבע־נע מאָהיקאַנער פון יידישן טעאַטער, די נעסטאָרן און בויער פון דער יידיער בינע: איינער־צוויי אין פוילן, אַזוי פיל אין רוסלאַנד, אין עסטרייך, אַמעריקע און ערגעץ דאָרט אין אַרגענטינע.

און מיט זיי צוזאַמען פאַרשווינדט אין דער אייביקייט יענע תקופה, ווען יידיש טעאַטער איז געווען אַ רעוואָלוציע אין יידישן לעבן, אַ דורכברוך פון גדר פון דער געטאָ, אַן איבעררייס אין די ביז־דאַמאָלטדיקע באַגריפן וועגן דעם, וואָס עס איז פאַר אַ ייד מותר און וואָס אסור. היינט די פאָן פון דער יידישער שפּראַך, וואָס זיי האָבן אויפגעוויקלט אינעווייניקסטע און אויסערלעכע שונאים צו להכעים.

וויפיל פון זיי זיינען אַזוי ווי די קנעכט אין אַלטן רוים געטריבן געוואָרן פון אָרט צו אָרט נאָר פאַר שפּילן אויפן יידישן לשון, וויפיל פון זיי האָבן זייער מענטשלעך געפיל דערנידעריקט ביז צו דער לעצטער מדרגה, וויפיל פּרויען האָבן מיט זייער טוגנט באַצאָלט כדי נושא חן צו זיין ביי „נאַטשאַלסטוואָ", אז אין דעם זכות זאָל די טרופּע מעגן שפּילן יידיש.

עס איז אַ בוך געשיכטע, וואָס יעדעם בלאַט איז דורכגעזאַפּט און דורכגעווייקט מיט טרערן און שוויים פון יידישן אַקטיאָר און טע־אַטער־אונטערנעמער.

און איינער פון די דאָזיקע מאַרטירער איז געווען נחום ליפּאָווסקי.

געבוירן אין נעסוויזש אין 1874, האָט ער באַלד אין דער פּריס־טער יוגנט אָנגעהויבן צו פּילן די ביטערע פּיילן פון בייזן שיק־זאַל. צו פינף יאָר שטאַרבט אים אָפּ זיין מוטער, און צו אַכט יאָר — זיין פאָטער.

פאַרבליבן אַ קיילעכדיקער יתום, גייט ער אַוועק פון נעסוויזש קיין קלעצק, און דערנאָך צופוס פון דאָרט קיין סלוצק, און פון דאָרט וואַנדערט ער ווייטער ביז באָברויסק, וואו ער טרעט אריין לערנען אין אַ תלמוד־תורה.

שוין, אַלזאָ, אַלס קינד הויבט ער זיך אָן צוגעוויינען צום גורל פון יידישן אַקטיאָר — צו וואַנדערן, און טאַקע צ ו פ ו ס.

לאַנג פאַרבלייבט נישט דער קליינער נחום אין תלמוד־תורה, עס הויבט אים אָן ציען צו אַן אַנדערער וועלט, און ער וואַנדערט ווייטער, ביז ער קומט אָן אין מאָסקווע. זייענדיק באַשאַנקען מיט אַ שיינער פיגור, אַ פאַסיק פנים פאַר פאַרשידענע כאַראַקטערן און אַן אויסגעצייכנטער רוסישער דיקציע, דויערט נישט לאַנג, ווי ער קומט אָן אין מאָסקווע אין אַ דראַמאַטישער שולע, און, ווי אַלע שילער, אַרבעט ער דאָרט אַלס סטאַטיסט, אין באַרימטן מאָסקווער קליינעם טעאַטער. איינציקווייז ווערט ליפּאָווסקי אינגאַנצן אַריינגעצויגן אין דער רוסישער אַטמאָספערע און ער וואָלט זיכער מער נישט אַוועק פון דער רוסישער בינע, ווען נישט די אַנטיסעמיטישע טענדענצן, וואָס האָבן געהערשט אין די קרייזן פון די רוסישע אַקטיאָרן. ליפּאָווסקי איז טיף אין האַרצן אַ ייד, און דווקא אַ שטאָלצער ייד, און דעריבער נוצט ער אויס די ערשטע געלעגנהייט און טרעט אַריין אין 1891 אין אַ יידישער וואַנדער־טרופּע. אָבער זיין אמתע בינע־קאַריערע הויבט ערשט אָן אין 1892, ווען ער איז באַטייליקט אין דער טרופּע פון אסתר־רחל קאַמינסקאַ.

הגם ער צייכנט זיך אויס אין די ראָלן, וועלכע ער שפּילט, הויבט ער אָן פילן, אַז ער קאָן מער דינען דער יידישער בינע אַלס פאַרוואַלטער, געשעפטס־פירער, ווי אַלס אַקטיאָר, און זינט 1893 ווידמעט ער זיך דער געשעפטס־פירונג פון יידישן טעאַטער. טיילמאָל צוזאַמען מיט קאַמינסקין, קאָמפּאַניעצן, יוליוס אַדלערן אָדער זאַסלאַווסקין און אָפט פירט ער אַליין אָן מיט גרויסע טרופּעס.

זייענדיק אין די בעסטע באַציאונגען מיט „נאַטשאַלסטוואָ״, אַ דאַנק זיין פּרעכטיקן רוסישן דיאַלעקט און רעפּרעזענטאַטיווו אויסזען, איז ער דער אײנציקער, וועלכער האָט, נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט, באַקומען אַ דערלויבעניש צו שפּילן אין רוסלאַנד טעאַטער אויף ייִדיש, און דידאָזיקע דערלויבעניש (דער דאָקומענט געפינט זיך אין ווילנער ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט) האָט ער, ווי ער האָט מיר ערשט לעצטנס געזאָגט, נישט באַקומען דורך כאַבאַר, שוחד, נאָר דורך ריידן שטאָלץ, ווי אַ גלייכער צו גלייכע, און דורך דער מיטהילף פון אָנגעזעענע רוסישע אַקטיאָרן, מיט וועלכע ער איז געווען נאָענט באַפריינדעט.

אין 1904, אין דער צייט פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, איז ליפּאָווסקי געווען ווירטשאַפטלעכער פאַרוואַלטער פון אַ דייטש טעאַטער אין דאַרמשטאַט, וואו ער איז גלייכצייטיק געווען פרייער צוהערער פון דאָרטיקן פּאָליטעכניקום.

דאָרט האָט פּראָפעסאָר ווערטהיים דער ערשטער אַנדעקט ליפּאָווסקיס פענאָמענאַלן זכרון, האָט מיט אים געמאַכט אייניקע עקספּערימענטן, און אים געגעבן אָנווייזונגען ווי אַזוי צו אַנטוויקלען זיין זכרון. זינט דעמאָלט האָט ליפּאָווסקי אָנגעהויבן פון צייט צו צייט אַרויסצוטרעטן מיט עקספּערימענטן.

אין 1913 האָט ליפּאָווסקי געשפּילט אין לאָדזש. דאָ האָט ער צוזאַמען מיט יוליוס אַדלערן בשותפות אַ דירעקציע אין צירק־בנין, וואָס איז אַמאָל געשטאַנען אויפן איצטיקן פּלאַץ דאָמבראָווסקי.

און איך געדענק אַזוי ווי היינט די פאָלגנדע סצענע:

אין בופעט, וואָס האָט זיך געפונען איבערן קאָרידאָר, וועלכער האָט זיך געצויגן איבער דער גאַנצער לענג פון צירק, איז אין אַ ווינקל געשטאַנען ליפּאָווסקי. אַ דיקלעכער מאַן, פון מיטעלן וואוקס, אין אַ גרויסן, שווערן פּעלץ מיט אַ פיין פוטערן היטל, האָט ער אויסגעזען ווי אַ רוסישער „קופּיעץ״. ער האָט זיך דאַמאָלט געגרייט צו פאָרן קיין פּעטערבורג, כדי צו לאָזן צענזורירן אַ רייע פּיעסעס, וועלכע מען האָט פאָרגעברייט צום אויפפירן. ער איז געווען דער אײנציקער דירעקטאָר, וואָס האָט באַקומען צענזורירט ייִדישע געדרוקטע אָדער געשריבענע פּיעסעס אויף ייִדיש, נישט ווי אַנדערע,

וועלכע האָבן יעדע פּיעסע געמוזט איבערשרייבן אויף דייטש מיט לאַטיינישע אותיות. דאַמאָלט איז נאָר וואָס געהאַט דערשינען מיין איבערזעצונג פון דיומאַס „קין", און אַדלער האָט זיך געגרייט זי אויפצופירן, און צוליב דעם מיטגעגעבן ליפּאָווסקין צוויי ביכלעך צו צענזורירן אין פּעטערבורג.

איך בין געשטאַנען זייער ווייט פון ליפּאָווסקין, אַזוי ווייט, אַז ווען איך וואָלט גערעדט, וואָלט ער נישט געקאָנט הערן מיין קול. און געשטאַנען בין איך און געטראַכט: „איי, ווען דער ליפּאָווסקי וויל זיין אַזוי פריינטלעך און מיטנעמען נאָך איין עקזעמפּלאַר און אים צענזורירן פאַר מיר אַלס אָנדענקען". דאָ זע איך ווי ליפּאָווסקי ווייזט צו מיר פון־ער וויטנס מיט דער האַנט, אַז כ'זאָל צוגיין צו אים. איך גיי צו, רופט ער זיך אָן צו מיר:

— וואָס שטייט איר דאָרטן און טראַכט? אויב איר ווילט, אַז כ'זאָל אייך מאַכן אַ צענזורקע, האָט איר מורא צו מיר צוצוגיין? גיט אַהער אַ ביכל, און איך וועל עס מאַכן.

איך בין געבליבן דערשטוינט דערפון, וואָס פאַר אַ געדאַנקען־לעזער ער איז. ליפּאָווסקי האָט דאָס באַמערקט און מיר באַלד געוויזן אַן אַנדערע קונץ. ער האָט גענומען אַ רוסישע צייטונג, וואָס איינער האָט געהאַלטן, האָט איבערגעלייענט אַ גרעסערע צאָל שורות, און זיי באַלד אַראָפּגעזאָגט פון אויסנווייניק און נישט גלייך, נאָר פון אונטן אַרויף.

ביז צו דער מלחמה האָט ליפּאָווסקי געפירט טרופּעס. זיין נאָמען איז געווען אַ פירמע. וואו ער איז געקומען, האָט מען צו אים געהאַט גרוים צוטרוי, ווייל נישט שפּילנדיק אַליין קיין טעאַטער, האָט ער נישט געהאַט קיין געפילן פון קנאה אויף אַקטיאָרן, און פלעגט תמיד, אַזוי ווי דער פאַרשטאָרבענער זאַנדבערג אין לאָדזש, צונויפשטעלן טרופּעס פון די שטאַרקסטע יידישע אַרטיסטישע כוחות אין רוסלאַנד. דערביי פלעגט ער תמיד נישט געבן די אויבערהאַנט די אָפּערעטע. אונ־טער זיין דירעקציע האָט פּרץ הירשביין אויפגעפירט צום ערשטן מאָל „דאָס פאַרוואָרפענע ווינקל", און זאַסלאַווסקי „האַמלעט" אויף יי־דיש און אַנדערע פּיעסעס פון אייראָפּעאישן רעפּערטואַר.

—„צו מיין כבוד קאָן איך מיט אַ רואיק געוויסן זאָגן — האָט

מיר ליפּאָווסקי ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק געזאָגט אין ווילנע, — אז אונטער מיין דירעקציע האָט מען קיינמאָל נישט אויפגעפירט נישט „כינקע פינקע" און נישט דאָס „פינטעלע ייד".ביידע פּיעסעס האָבן אין זייער צייט געבראַכט אוצרות מיט געלד. אַלע האָבן מיך גע־האַלטן פאַר אַ משוגענעם. איך האָב זיך אָבער איינמאָל פאַר אַלע מאָל פאַרעקשנט, אַז דידאַזיקע שונד־מאַכערייקעס וועלן אויף די ברע־טער פון דעם טעאַטער, וואָס איך שטיי אין זיין שפּיץ, נישט אויפגע־פירט ווערן, און איך האָב מיינס דורכגעפירט".

ליפּאָווסקי איז אויך געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געגרינדעט אין ווילנע אַ פאָלקס־טעאַטער, ד, ה, צו ביליקע פּרייזן, אַז דאָס טעאַ־טער זאָל קאָנען באַזוכט ווערן דורך די ברייטע מאַסן.

זינט 1914 האָט ליפּאָווסקי אָנגעהויבן זיך מער אָפּגעבן מיט עפנטלעכע ארויסטרעטונגען אַלס בעל־זכרון. אַ חוץ אָפּטע ארויסטרע־טונגען אַלס שוואַרץ־קינסטלער (אַ לאַ נאַטאַן שוואַרץ) אין פאַרשי־דענע טיפן פון באַקאַנטע פערזענלעכקייטן ווי איבסען, הערצל, טאָל־סטאָי, נאָרדוי, פירשט מאָנטעפיאָרע, האָט ער אָנגעהויבן אָפּט ארבעטן מיט לאָגאַריטמען.

אין 1915—1916 נעמט ער זיך אין סיביר ווידער צום יידישן טעאַטער, אָבער גלייכצייטיק פאַראינטערעסירט ער זיך דאָרט מיט צונויפשטעלן אַן אייביקן לוח. אַ טייל פון דערדאָזיקער ארבעט (אַ לוח אויף 300 יאָר) האָט ער אָפּגעדרוקט אין אַ ספּעציעלער ביילאַגע צום ניו־יאָרקער „פאָרווערטס".

באַלד נאָך דער מלחמה באַגנוגנט זיך ליפּאָווסקי מיט האָבן זיין פירמע אַלס אייגנטימער פון יידישן טעאַטער אין ווילנע, און אליין נעמט ער פאָרן איבער דער וועלט דעמאָנסטרירן זיין זעלטענעם זכרון. ער טרעט אויף אין 42 אוניווערזיטעטן פון אייראָפּע און אַמע־ריקע און דעמאָנסטרירט זיינע וואונדערבאַרע מנעמאַנישע פעאיקייטן. די סעאַנסן וואוינען ביי באַרימטע פּראָפעסאָרן און געלערנטע פון די פּסיכאָלאָגישע, מאַטעמאַטישע, פילאָזאָפישע און מעדיצינישע פאַקול־טעטן, און אַלע דריקן זיי אים אויס באַוואונדערונג און אַנערקענונג. ער באַקומט אויך פון אוניווערזיטעטן און גרויסע פערזענלעכקייטן אַטעסטאַטן און אַנערקענונגס־בריוו.

זיינע ארויסטריטן רופן ארויס א סענסאַציע אין אַלע קרייזן. די פּרעסע פון די לענדער, אין וועלכע ער טרעט אַרויס, איז פול מיט באַגייסטערטע אַרטיקלען וועגן אים. ליפּאָווסקי לעבט איבער זיין צווייטע יוגנט. ער גלויבט אָנצוזאַמלען אַ געוויסע גרויסע סומע, און אויסצושטעלן אין ווילנע אַ גרויס מאָדערן יידיש טעאַטער. זיינע האָפענונגען צערינען אָבער. כאָטש מען נעמט אים אומעטום זייער גוט אויף, באַזונדערס די יידישע אַרטיסטן און אַמעריקע, וועלכע קענען אים נאָך פון רוסלאַנד, פונדעסטוועגן איז ער מאַטעריעל נישט גוט באַזאָרגט, און ווען ער קומט צוריק אַהיים אין ווילנע צו זיך אין קליינעם הייזעלע, ערגעץ הינטער דער שטאָט, הויבט זיין קערפּער אָן צו פילן אַ שרעקלעכע מידקייט און ער מוז זיך ליינן אין בעט. די דאָקטוירים שטעלן פעסט אַ בראָנכיט און אַ האַרץ־קראַנקייט.

קראַנקערהייט אַרבעט ער ווייטער, און זייענדיק פּערזענלעך גוט באַפריינדעט מיטן מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי און מיט זיין ברודער, דעם וויצע־סיים־מאַרשאַלעק, יאַן פּילסודסקי, שטעלט ער צוזאַמען אַ קאַלענדאַר אויף 313 יאָר, געווידמעט דעם סדר היוחסין פון מאַרשאַל פּילסודסקי.

כאָטש די קראַנקייט לאָזט אים נישט אָפּ, ווייזט ער ווייטער אַרויס אַ גרויסן אינטערעס צום יידישן קולטורעלן לעבן, און ווען אין ווילנע גרינדעט זיך דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, לאָזט ער זיך איבער זיין אַרכיוו, קלויבט צוזאַמען אייניקע הונדערט אַפישן, צענזורקעס, בריוו, פאָטאָגראַפיעס און דאָקומענטן, וועלכע האָבן אַן אומגעהויערן ווערט פאַר דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער, און שענקט דאָס אַלץ אַוועק דעם אינסטיטוט.

15 יאָר האָבן מיר זיך נישט געזען, און ווען כ'בין געקומען מיט אייניקע חדשים צוריק אין ווילנע און אים געטראָפן ליגן אין בעט, האָט ער זיך מיט מיר באַגריסט אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך ערשט נעכטן געזען. מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך געוואָלט אָנשטרענגען צו גיין צו מיין אָוונט אין זיין טעאַטער.

— איך בין דאָך מער מחותן ווי אַלע — האָט ער צו מיר געזאָגט — איך בין דאָך אייער ערשטער דירעקטאָר. איר געדענקט, אַז

איך האָב דער ערשטער אין 1913 אויפגעפירט אין לאָדזש אין צירק אייער איבערזעצונג פון „ראָבערט און בערטראַם”, און די מעשה מיט דער צענזורקע פון „קין” געדענקט איר?...

איך האָב געקוקט אויף ליפּאָווסקין, און דאָס האַרץ האָט מיר גע־ווייטיקט. עפּעס ווי אַ העלפט איז פון אים געוואָרן, קלענער און דאַ־רער, בלויז דאָס אויסדרוקספולע פּנים און די צעשפּרייטע, כּאָטש שוין, גרויע, האָר זיינען נאָך געבליבן.

עטלעכע שעה בין איך געזעסן ביי זיין קראַנקן־בעט, און ער האָט מיר האַלב יידיש האַלב רוסיש דערציילט אָן אַ שיעור מעשיות און עפּיזאָדן. ווער איז דאָ נישט געווען פּאַרמישט? — לענין און מאַקסים גאָרקי, שלום עליכם, שלום אַש און פּרץ הירשביין, לעבע - דיעוו און עמיליע אַדלער, אסתּר־רחל קאַמינסקאַ און רוסישע גובער־נאַטאָרן.

ווער ווייסט, ווי לאַנג ער וואָלט נאָך אַזוי גערעדט, ווען נישט דער אָפּטער הוסט, וואָס האָט אים געשטערט, און דאָס וואָס איך האָב געמוזט גיין צו מיין אָוונט.

אוועקגעגאַנגען בין איך רעזיגנירט אים נאָך אַמאָל צו זען, וואָ־רום דער טויט איז אים שוין געשטאַנען הינטער די פּלייצעס. ווי האָב איך זיך דעריבער דערפרייט, ווען אין עטלעכע וואָכן אַרום האָב איך אים ווידער געטראָפן — און דווקא אין וואַרשע, און דווקא אַרומגייענ־דיק. ער איז געקומען צום צוזאַמענפאָר פון די יידישע אַרטיסטן, און ביינאַכט אויפן באַנקעט האָט ער נאָך געהאַלטן אַ טאָאַסט און דער־ציילט עפּיזאָדן.

— וואָס מאַכט איר, ליפּאָווסקי? — האָט מען אים פּאַרוואָרפן מיט פראַגן פון אַלע זייטן.

— איך פּיל זיך בעסער — האָט ער געענטפערט, — איך פּאָר אויף אַ חודש־צייט אויף זומער־וואוינונג. די דאָקטוירים זאָגן, אַז עס גייט מיר צו פּאַרבעסערונג.

און אָט בין איך ווידער צוריק אין פּוילן, און אין קראָקע וואו זיין פרוי שפּילט, זאָגט מען מיר אָן די בשורה, אַז ליפּאָווסקי איז גע־פּערלעך קראַנק געוואָרן און מען האָט זיין פרוי אַרויסגערופן קיין ווילנע. היינט־מאָרגן דערוואַרט מען די קאַטאַסטראָפע.

לויט מיינע פּלענער האָב איך ווידער געדאַרפט זיין אין ווילנע. איך האָב שנעל צוגעאיילט מיין נסיעה. געקומען אין ווילנע, ציגעפאָרן צו ליפּאָווסקין, געטראָפן אים אַ האַלב־פּאַראַליזירטן זיצן אין אַ שטול, זיין פרוי באַדינט אים ווי אַ קליין קינד, וואָרום ער קאָן זיך קיין ריר נישט געבן. מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז ער פּלוצלונג פּאַראַליזירט געוואָרן, נאָך דער פּאַראַליז ווערט וואָס אַמאָל שוואַכער.

מיר האָבן זיך ביידע שיער נישט צעוויינט. איך פּאָר צער צו זעען דעם אייזן־פעסטן ליפּאָווסקי אין אַזאַ מצב, ליפּאָווסקי פּאַר שמחה, וואָס כ׳בין געקומען אים באַזוכן. כאָטש עס איז אים געווען פאַרווערט צו ריידן, האָט ער פונדעסטוועגן כסדר גערעדט, אָבער ס׳איז נישט געווען קיין סימן פון אַמאָליקן ליפּאָווסקי, פון בעל זכרון, אָנגעהויבן ריידן וועגן איין ענין, נישט פאַרענדיקט און אריבער צו אַן אַנדערן, און אינמיטן עפּעס געברומט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. פּלוצלונג האָט זיין קול ווידער באַקומען דעם אַמאָליקן שטאַרקן קלאַנג, און צורופנדיק זיין פרוי, האָט ער געזאָגט:

— אסתר, וואָס פאַרע ראָלן האָב איך געשפּילט?

דער אַקטיאָר האָט זיך אין אים אָפּגערופן!

און באַלד האָט ער אָנגענומען זיין פרוי ביי דער האַנט און געזאָגט:

— איך וועל געזונט ווערן, וועל איך פאָרן קיין קאַנאַדע, דערנאָך וועל איך אייך אַראָפּנעמען.

זיין פרוי האָט מסכים געווען:

— ווער נאָר געזונט, נאָום?

אָבער עס האָט זיך געפילט, אַז ביידע שפּילן טעאַטער, ביידע נאַרן אָפּ איינער דעם אַנדערן, ביידע ווילן זיי נאָר טרייסטן איינער דעם אַנדערן, אָבער זיי גלויבן נישט זייערע רייד, זיי ווייסן, אַז דער סוף קומט.

און ווען איך האָב ליפּאָווסקין מיין האַנט געגעבן, און געזאָגט: „אויף ווידערזען”, האָב איך געוואוסט, אַז אויף ד ע ר וועלט וועלן מיר זיך שוין מער נישט זען.

„לאָדזער טאַגעבלאַט", 27 דעצעמבער 1928

# טראַגיש

אַ קורצע נאָטיץ אין דער פּרעסע ברענגט די טרויעריקע בשורה, אַז דוד פּאַכלער, אַ יידישער אַקטיאָר פון לאָדזש, איז באַגאַנגען אין טשערנאָוויץ זעלבסטמאָרד. ער האָט זיך אויפגעהאָנגען. אין דער נאָטיץ ווערט אויך געזאָגט, אַז פּאַכלער האָט דאָרט געשפּילט מיט זיין פרוי.

אינגאַנצן שטימט די נאָטיץ נישט. איר צווייטע העלפט איז נישט ריכטיק; פּאַכלער האָט נ י ש ט ג ע ש פּ י ל ט, בלויז זיין פרוי. הלוואי וואָלט בעסער די ערשטע העלפט נאָטיץ געווען נישט ריכטיק.

אָבער עס איז אזוי געשען, אַז פּאַכלער האָט אַליין אַ סוף געמאַכט צו זיין געמוטשעט, געפּלאָגט לעבן. ער האָט געוואָלט מקיים זיין דעם פּסוק „טרויעריק געלעבט און טראַגיש געשטאָרבן”.

איך האָב פּאַכלערן קיינמאָל נישט געזען שפּילן, און בכך־הכל אים שוין געטראָפן אַ צעבראָכענעם, אַ רואינירטן, צוגעשמידט צום בעט. אָבער ווען מען דערמאָנט זיך, אַז פּאַכלער האָט אָנגעהויבן שפּילן מיט 32 יאָר צוריק, און האָט דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן געשפּילט אין רוסלאַנד, דאַרף מען נישט זיין קיין נביא צו פאַרשטיין, אַז קיין איבריק זיס און ליכט לעבן האָט ער נישט געהאַט.

איז פּאַכלער געווען אַ באַדייטנדער אַקטיאָר? — ניין! אָבער אַ סאָלדאַט, אַן ערלעכער, אַ מוטיקער סאָלדאַט אויפן פראָנט פון יידישן טעאַטער איז ער געווען, און אַלס איינער פון די, וועלכער האָט מיט זיין מוח, מיט זיין בלוט און מאַרך אויסגעהאָדעוועט די יידישע בינע, פאַרדינט ער, אַז מען זאָל אים צוטיילן דעם לעצטן כבוד.

פאַראַיאָרן האָב איך אויף מיין רייזע איבערן באַרג סיני פון יידישן טעאַטער, אין רומעניע, געטראָפן שפּילן אין בוקאַרעסטער

יידישן טעאַטער אַ פאַרהעלטניסמעסיק יונגע, זייער שיינע דאַמע. אַ שמייכלענדיקע, לאַכנדיקע, האָט מען געקאָנט מיינען ווער ווייסט ווי גליקלעך זי איז. אָבער עס איז גענוג געווען, אַז ווען באַקאַנטע לאָד־זשער אַקטיאָרן זאָלן איר אויסזאָגן דעם סוד, אַז איך בין אַ לאָד־זשער, האָט די דאַמע, מאַדאַם פאַכלער, תיכף באַהאַלטן איר געקינ־סטלט שמייכעלע אויף די שיין געשמינקטע ליפּן און מיט אַ טרויערי־קע שטימע מיר געזאָגט:

— מיין מאַן דער אַקטיאָר פאַכלער, איז דאָך אַ לאָדזשער, איר זאָלט זען ווי ער זעט אויס, שוין יאָרן ווי ער איז קראַנק. ער ליגט דאָך שוין איבער אַ יאָר אין בעט.

איך האָב, נאַטירלעך, באַשלאָסן אים מבקר חולה צו זיין. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז פאַכלער ליגט אין קעשעניעוו, דאָרט איז ער קראַנק געוואָרן און האָט מער נישט געקאָנט מיטפאָרן מיט זיין פרוי, וועלכע האָט געמוזט ווייטער וואַנדערן מיט דער טרופּע. דאָרט אין קעשעניעוו, איז ער צוזאַמען מיט זיין זון, אַ יונגער בחור פון אַ יאָר 14־15, וועלכער לערנט זיך מוזיק. די פרוי און מוטער האַלט זיי אויס פון אירע פאַרדינסטן.

פאַרדינסטן אין אַ רומענישער יידישער טרופּע! וואַסער אויף קאַשע! אַז ווינטער שפּילט מען כמעט אינגאַנצן נישט, און זומער איז מען ביים גאָט פון רעגן אין דער האַנט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך שוין געוואוסט, אַז דער פריי־לעכער מאַדאַם פאַכלער איז שוין גאָרנישט פריילעך אויפן געמיט, איר מאַן האָט נישט קיין אויסזיכטן געהיילט צו ווערן. זי האָט נישט קיין פאַמיליע־לעבן און האָט נישט קיין מיטלען אויסצוהאַלטן דעם חולה. פשוט, זי מוז אָנקומען צו הילף פון אַקטיאָרן, אָבער אָרטיקע אַק־טיאָרן זיינען געזונטע חולאים, זיי מוזן קודם כל היילן זייער אייגע־נע קראַנקע טאַש, איז דאַריבער אַלץ אָפּהענגיק אָן די גאַסטראָלערן, און אַ דאַנקען גאָט, וואָס פּאָול באַראַטאָוו און מישע פישזאָן האָבן זייער פליכט דערפילט.

דערווייל האָט מאַדאַם פאַכלער געמעלדעט איר מאַן וועגן צוועק פון מיין קומען, און ער האָט מיר צוגעשיקט זיין ביאָגראַפיע. די ביאָ־גראַפיע איז זייער אינטערעסאַנט געשריבן. נאַטירלעך ווידערהאָלט

זי א סך עפּיזאָדן, וועלכע האָבן פּאַסירט מיט אַנדערע אַקטיאָרן, אָבער עס וועלן זיך זיכער געפינען אַ סך לעזער, בפרט פון יונגן דור, פאַר וועלכע פּאַכלערס איבערלעבענישן וועלן זיין פולשטענדיק ניי.

אָנגעקומען אין קעשעניעוו, האָב איך מיך געלאָזט אויפזוכן פּאַכלערן. מיין וועג־ווייזער האָט מיך געפירט איבער אַ געגנט, וואָס איז נישט פון די ערשט־קלאַסיקע אין קעשעניעוו. אָט דאָ איז עס טאַקע פאָרגעקומען דער באַרימטער קעשעניעווער פּאָגראָם. ענדלעך זיינען מיר אויפן הויף. דאָ שטייען וואָגנס מיט פערד, היי אָנגעוואָרפן אויף דער ערד, און עס איז שווער צו גיין, ווייל אַ ביסל איז פינסטער און אַביסל זיינען פאַרהאַן גרויסע בלאָטעס מיט שטייענדיק וואַסער. סוף כל סוף זיך צוגעדראַפּעט צו אַ קאָרידאָר, און זיך דערפרעגט צו פּאַכלערן. אַ לעמפּל ווי אין דער גוטער קריגס־צייט. אַ מיידל, באַר־וועס, אין הילצערנע שטעק־שיך, עפנט. צו פּאַכלערן קאָן מען נישט אַריינגיין. איך זאָג מיין נאָמען, און זי קומט באַלד צוריק, אַז א י ך קאָן יאָ אַריינגיין. אָבער עס דויערט אַביסל. „מען מאַכט אָרדנונג אין שטוב". אַ דאַרער, לאַנגער מאַן ליגט אין בעט, נעבן וועלכן עס שטייט אַ יונגער, דאַרער בחור. אַזוי האָב איך אויך געטראָפן דעם באַרימטן טעאַטער־דירעקטאָר ראַפּעל אויפן טויטן־בעט. עס איז שווער צו ריידן מיט אַזעלכע מענטשן. זיי זיינען דורכגעטריבענע קאַנ־דידאַטן פאַר יענער וועלט. זיי ווייסן עס, זאָגן עס נישט, לאָזן זיך אָבער איינריידן, אַז זיי פילן זיך בעסער, אַז אָט־אָט וועלן זיי געזונט ווערן, אָבער מען טאָר זיי אין די אויגן נישט קוקן, וואָרום זייערע אוי־גן זאָגן, וואָס זיי טראַכטן, זיי מסרן, אַז „מיר שפּילן טעאַטער".

פּאַכלער רעדט מיט אַ שוואַכער שטים, און ער לויבט זיין פרוי, וואָס האַלט אים אויס מיט איר אָנגעשטרענגטער אַרבעט, און רייסט אָפּ פון איר קערפּער דאָס סאַמע נויטיקסטע. איך זיץ און טראַכט מיר: „אָט דאָס איז דער באַרימטער לאַגוס", וואָס דער אַקטיאָר מיאָ־דאָוויק באַשרייבט פאַר אַזאַ אויפטוער, פאַר אַ שפּיצלמאַכער ביי „גאַטשאַלסטוואָ" און ביי יאָלדן־אונטערנעמער, צוליב וואָס ער האָט באַקומען דעם צונאָמען „לאַגוס". יאָ, אַ שפּיצלמאַכער, אַ ליץ, אַן אָפּ־נאַרער. דאָס איז דאָך אין יענע יאָרן געווען דער כלי־זין, מיט וועלכן מען האָט איינגענומען „נאַטשאַלסטוואָ", אַז מען זאָל מעגן שפּילן

„יידיש־דייטש־טעאטער", און „דוד לאגוס" איז געווען איינער פון דערדאָזיקער גווארדיע, און אָט זיצט ער און רעדט אזוי געלאסן און פארהוסט זיך נאָך, יאָ, געווים וואָלט ער געוואָלט קומען צום „לעקסי־קאָן־אָוונט" אין קעשעניעוו. ער זאָל זיך נאָר גוט פילן, וועט ער זיכער קומען, א קליינקייט, אזא יום־טוב, און דערצו איז דער מחותן זיינער א בן־עיר.

און פאכלער איז געקומען. זיין זון איז מיר הינטער די קוליסן געקומען אָנזאָגן די בשורה, אז דער פאָטער איז דאָ, ער ווארט אין פאָיע און וויל א פאספאָרטו. אָבער ביז דער זון איז צוריקגעקומען, איז דערווייל דרויסן עפּעס שרעקלעכעס געשען. די אָרדנער האָבן אין גרויסן געדראנג פון פובליקום, וואָס האָט איבערפולט דאָס טעאטער, צוריקגעשטופּט די, וועלכע האָבן זיך געוואָלט אריינרייסן אָן בילעטן. עס זיינען געפאלן קלעפּ. און אייניקע פון די קלעפּ זיינען געפאלן אויפן חלק פון קראנקן שוואכן פאכלער. אָנשטאָט אין טעאטער איז ער שוין אהיים געגאנגען.

נישט באשערט אים געווען צו באטייליקן זיך אין א שמחה פון יידישן טעאטער, אים, וועלכער האָט זיך אזוי פיל אָנגעליטן ביים יידישן טעאטער.

מער האָב איך שוין פאכלערן נישט געזען. צומאָרגנס האָב איך פארלאָזט קעשעניעוו. א ידיעה וועגן זיין אייביקן אָפּשייד פון אונז. וואָלט פאר מיר נישט געווען קיין איבערראשונג, נאָר, אז דוד פאכלער. וועלכער איז אנטלאָפן פון לערנען שחיטה דערפאר, ווייל ער האָט נישט געקאָנט זען בלוט פון אן עוף, וועט זיין א שוחט איבער זיך אליין, דאָס האָב איך נישט געגלויבט.

## דוד פאַכלערס אויטאָביאָגראַפיע

געבוירן בין איך אין יאָר 1879, אין חודש דעצעמבער 2, אין לאָדזש. דער טאטע איז געווען א שוחט, גענומען א ווייב א דיינס א טאָכטער, און דער זיידע האָט צוגעזאָגט קעסט אזוי לאנג ווי ער וועט לעבן. געלערנט האָב איך אין בית־המדרש ביז 17 יאָר. מיין טאטע האָט פון מיר אויך געוואָלט מאכן א שוחט. איך האָב נישט געוואָלט,

איך האָב נישט געקאָנט זען קיין בלוט, און נישט געקאָנט זען ווי די הינער האָבן זיך געוואָרפן. מיך האָט געצויגן צו עפּעס אַנדערש. איין מאָל, איך געדענק נישט גענוי וועלכעס יאָר, איז צו אונז געקומען אַ יידישע טרופּע: ספּיוואַקאָווסקי און שליפּערשטיין. מיינע חברים, אויך בית־מדרש־בחורים, האָבן מיך אָנגעהויבן צוצורעדן מיר זאָלן גיין אין טעאַטער. איך האָב מיך געלאָזט צורעדן און געגאַנגען. עס איז מיר זייער געפעלן געוואָרן.

שפּעטער זיינען זיי אַוועקגעפאָרן. איך האָב דערנאָך אָנגעהויבן צו באַזוכן פּויליש און דייטש טעאַטער. אַ סך מאָל אַהיימקומענדיק פון טעאַטער, האָט מיר דער טאַטע נישט געוואָלט אריינלאָזן שלאָפן. און איך האָב געמוזט אין קאַלטע ווינטער־נעכט שלאָפן אין אַ קאַמער מיט קאַרטאָפל און ציבעלעס, אָנגעגרייט אויף ווינטער. און עס איז מיר אַלץ ליב געווען, אַבי גיין אין טעאַטער. שפּעטער מיט אַ שטיקל צייט זיינען זיי ווידער געקומען קיין לאָדזש, דאָס הייסט, די יידישע טרופּע. איך האָב זיי ווידער אָנגעהויבן צו באַזוכן. איינמאָל האָט מען געשפּילט און מען האָט געדאַרפט סטאַטיסטן, און דער, וואָס מען האָט גענומען פאַר אַ סטאַטיסט, האָט געמוזט צוצאָלן 10 קאָפּיקעס. געגעבן, אַבי גיין אויף דער בינע, זען ווי מען שמינקט זיך, מען טוט זיך אָן. איך האָב אָבער באַוויזן געוויסע פעאיקייטן. צום ביישפּיל, איך האָב מיטגעזונגען אין כאָר, אויך שוין אַריינגעקומען זאָגן: „דער אַלטער אליעזר מיט זיין טאָכטער זיינען געקומען", און צום אַוועקפאָרן האָט מיר שליפּערשטיין פאָרגעלייגט, איך זאָל מיט זיי מיטפאָרן. איך האָב אַרויסגעגעבן רעקוויזיט, גאַרדעראָב און געגאַנגען אויף דער בינע [דאָס הייסט, געשפּילט קליינע ראָלן]. און פאַר דעם אַלעם האָב איך באַקומען 20 קאָפּיקעס אַ טאָג. געשלאָפן בין איך געוויינלעך אין גאַרדעראָב. נישט לאַנג האָט אָבער דאָס גליק געדויערט. שליפּערשטיין, זייענדיק אַ קראַנקער מענטש, איז אין אַ קורצער צייט געשטאָרבן, און די טרופּע איז צעשלאָגן געוואָרן. איך, אַהיימקומענדיק אָן וואָנסעס, האָט דער טאַטע געשריגן „אַ גלוח וויל ער נישט אַריינלאָזן אין שטוב", האָב איך געוואוינט אין פעלד, און די מאַמע פלעגט מיר [דאָרט אַהין] שיקן עסן, וועש, ביז די „שנור־באָרד" זיינען צוריק אָנגעוואַקסן, און איך בין ווידער אין דער היים, דער טאַ־

טע רעדט ווייטער מיט מיר, איך זאָל לערנען הלכות שחיטה.

דאָ האָט זיך אין מיר אָנגעהויבן צו דערוועקן דאָס ארטיסטישע לעבן, וועלכעס איז מיר אזוי שטארק געפעלן געוואָרן, און איך האָב צונויפגענומען יינגלעך מיט מיידלעך און אָנגעהויבן זיי לערנען שפּילן טעאטער. איינגעשטודירט 2 פּיעסן, געקריגן א יאָלד מיט 10 קארבן און ארומגעפאָרן אין די קליינע שטעטלעך שפּילן טעאטער. איך האָב א קוק געטאָן, מען פּאטשט מיר בראוואָ, איז דאָס דאָך א געשעפט. געוויינלעך אין די קליינע שטעטלעך איז דאָך דאמאָלט קיין טעאטער -[בנין] ניט געווען, האָט מען געמאכט א טעאטער פון וואָס עס האָט זיך געלאָזט, פון א שטאָל, פון א בוידעם.

עס האָט אפילו איינמאָל געטראָפן, אז 1 אזייגער ביינאכט, מיר האָבן נאָך געהאט צו שפּילן 2 אקטן, איז דער בעל־הבית ארויפגעקומען אויפן בוידעם און געשריגן אויף א גראָבער שטים:

„נאָך לאנג וועט איר מיר האלטן דעם בוידעם? די הינער האָבן נישט וואו צו שלאָפן! איר קאָמעדיאנטשיקעס!", — און האָט צע־טריבן דאָס פּובליקום, וועלכעס האָט געפּאָדערט צוריק דאָס געלט. מיר זיינען אנטלאָפן הינטן ארום, געכאפּט דעם באגאזש, וועלכער איז באשטאנען פון איין פּאָר אונטערוועש, און וילך, די פּיס אויף די פּלייצעס און אין א צווייט שטעטל. אהינגעקומען, קיין טעאטער איז נישטאָ, האָט מען געקריגן א שטאָל. אונזער חברה האָט זיך גענעבן א נעם און אויסגערייניקט די שטאָל. דארף מען דאָך האָבן פון וואָס צו מאכן א סצענע, גיט אונז דער בעל־הבית ברעטלעך. נו, אונטער־צושטעלן לויפט מען קריגן. קריגט מען ביי א באַנדער א פּאָס, און וואו נעמט מען נאָך? פּאלט דער בעל־הבית אויף א סברה, מען זאָל גיין צו די פייערלעשער. גייט מען און מען קריגט ביי זיי דריי פּעסער. זיי גיסן אויס דאָס וואסער, וואָס שטייט ביי זיי אָנגעגרייט, טאָמער מאכט זיך א שרפה, און מען גיט אונז די פּעסער. מיר שטעלן צונויף די סצענע, און אויף דער נאכט — אויספארקויפט אלע בילעטן, און מען הויבט אָן צו שפּילן. אינמיטן שפּילן קומען צו לויפן די פייער־לעשער, מען זאָל זיי געבן די פעסלעך, עס ברענט אין א דאָרף און זיי פאָרן לעשן. אונזער גליק איז געווען, וואָס דאָס פּובליקום האָט דער־הערט, אז עס ברענט, האָבן זיי נישט געפרעגט וואו עס ברענט אפילו,

און זיינען זיך צעלאָפן אין מיטן ערשטן אַקט. דאָס איז געווען אונ־
זער גליק, אַז נישט וואָלטן זיי אויך געפאָדערט דאָס געלט צוריק.
נאָכדעם זיינען מיר שוין אַהיימגעפאָרן, און איך האָב זיי [די שפּילער]
שוין מער נישט געקאָנט צוזאַמענגעמען. דאָס זיינען אַלץ געווען אינ־
טעליגענטע קינדער, האָבן זיי זיך נישט געוואָלט מער פאָרן
פּלאָגן. איך האָב אָבער נישט געקאָנט רוען, עס האָט מיך געצויגן
נאָר צו דער סצענע. האָב איך געהערט, אַז אין רוסלאַנד זיינען דאָ
טרופּעס מיט אַקטיאָרן.

אין דער היים האָט מען מיך געהיטן איך זאָל שוין נישט אַוועק
צו די קאָמעדיאַנטשיקעס, ווי מיין טאַטע האָט זיי גערופן. בין איך
פון לאָדזש אַוועקגעפאָרן מיט אַ פור. געגאַנגען [אָנגעטאָן] בין איך
אַ הוט מיט גלייכע [פּשוטע] שטרוי, האָב איך מורא געהאַט, איך וועל
איינשלאָפן, וועט מיר דער הוט אַראָפּפאַלן פון קאָפּ. האָב איך אים
אַריינגעלייגט אין קאָרעטע, וואו מען גיט די פערד צו עסן. דערווייל
האָט זיך דער בעל־עגלה אָפּגעשטעלט געבן די פערד עסן, בעת איך
בין געשלאָפן, און האָט אַריינגעשיט אין דער קאָרעטע האָבער מיט
שעטסקע [צעבראָקטע שטרוי], און די פערד האָבן מיר דערווייל אויפ־
געגעסן אַ האַלבן הוט. איך כאַפּ מיך אויף, ווי איז מיר! וואָס טוט
מען איצט? קיין געלט אויף אַן אַנדערן הוט איז נישטאָ, אַ ברירה האָב
איך געהאַט, איך האָב אַזוי געמוזט דערפאָרן, ביז איך בין געקומען
אין אַ טרופּע איז געווען [דאָרט] בערנשטיין, עליו השלום, דער די־
רעקטאָר, אַריינגעקומען:

— גוט מאָרגן!

— ווער זענט איר, יונגערמאַן?

— אַן אַרטיסט פון שליפערשטיינס טרופּע.

— וואָס פאַר אַ ראָלן שפּילט איר?

— קאָמישע, — ענטפער איך.

— איר האָט אפשר די פּיעסע „דאָראַ, אָדער מיליאָנער אַלס
בעטלער״?

זאָג איך:

— יאָ, נאָך שליפערשטיינס טויט האָב איך געשפּילט דעם

„בעטלער" — מורא האבנדיק טאָמער איז דאָ אַן אַנדער פּלאַקן־שי־סער.

דאָס איז געווען דינסטאָג.

— אויף שבת קאָנט איר אויפפירן די פּיעסע?

— אויב איר האָט גוטע אַקטיאָרן, יאָ!

און אַזוי האָבן איך אָנגעהויבן שפּילן, דאָס איז געווען אין ראַ־מען. קאָמפּאַניעץ איז דאַמאָלט געשטאַנען אין ניזשני־נאָוואָגראָד דערהערנדיק, אַז צו בערנשטיינען איז געקומען אַזאַ צאַצקע, וואָס מאַכט פּעטע איינאַמעס, האָט ער באַלד געשיקט נאָך מיר און האָט מיך צוגענומען פון בערנשטיינען, און אַזוי האָב איך אָנגעהויבן שטייגן וואָס אַ יאָר העכער.

איך בין שוין געווען אויף דעם העכסטן שטאַפּל. שפּעטער אַז איך בין געשטאַנען [האָב געשפּילט] מיט סאַבסיין אין אָדעס, און בין געווען דער ערשטער אַרטיסט, האָט פּרץ הירשביין געמאַכט זיין ליטע־ראַרישע טרופּע. אָבער צוערשט האָב איך געמוזט ביי אים אַ גאַנצע ריי פאָרשטעלונגען גאַסטראָלירן [אויף פּרובע], איך בין שוין דאַ־מאָלט געווען ליטעראַריש געשטימט. שפּעטער, ווען די ליטעראַרישע טרופּע [פון] הירשביין האָט נישט געקאָנט עקזיסטירן, ווייל דאָס זאָגענאַנטע פּובליקום איז נאָך נישט געווען דערוואַקסן צו ליטעראַ־ריש טעאַטער, האָב איך געמוזט צוריקגיין צו דער אָפּערעטע און שונד־דראַמען, פון וועלכע איך בין שוין געווען אָפּגעוויינט. דאַמאָלט בין איך געפאָרן צו קאָמפּאַניעצן אין וואַרשע אויף גאַסטראָלן. עס איז אַפילו געווען אַ פּאָר שיינע אַרטיסטן, ווי צום ביישפּיל זאַסלאַוו־סקי, מיכאַלעסקאָ, קאַלינסקי, און דאָך איז מיר נישט געפעלן געוואָרן, און נאָך 20 גאַסטראָלן בין איך אַוועקגעפאָרן צוריק קיין רוסלאַנד, וואו איך בין אַנגאַזשירט געוואָרן צו ספּיוואַקאָווסקי און קרויזע. דאָס איז געווען אין 7־טן יאָר [באמת אין 1909-10]. באַלד נאָכדעם האָט ווידער פּרץ הירשביין געמאַכט אַ טרופּע מיט בן־עמי בראש, און איך בין ווידער איבערגעגאַנגען צו פּרץ הירשביין [עס איז געווען די זעל־בע „פּרץ־הירשביין־טרופּע", נאָר צוליב אַדמיניסטראַטיווע סבות האָט זי זיך נישט גערופן מיט איר פריערדיקן נאָמען]. אַזוי האָבן מיר זיך אָפּגעמוטשעט אַ לאַנגע צייט און די טרופּע האָט ווידער נישט גע־

קאַנט עקזיסטירן, און איך האָב ווייטער געמוזט אַוועקגיין צום שונד־טעאַטער.

איינמאָל, קומענדיק אין אַ שטאָט אויף גאַסטראָלן, האָב איך דאָרט געטראָפן אַ זייער שיין מיידל, מיר זיינען זיך געפעלן געוואָרן און מיט מזל חתונה געהאַט. איך האָב אָנגעהויבן פּרובן מיין רחלס, אַזוי הייסט מיין ווייב, פעאיקייטן, און איך האָב געזען, אַז זי באַזיצט אַ זעלטענעם טאַלאַנט צו דער בינע, און איך האָב זי געמאַכט פאַר אַן אַקטריסע, און אַליין מיט איר געמאַכט אַ טרופּע. צו די צוויי יאָר האָט מיר מיין ווייב אַ ליבן זון געבוירן, און אַזוי האָבן מיר זיך געלעבט גליקלעך און צופרידן. מיין פרוי איז באַלד געוואָרן גרויס און באַרימט, און מיר האָבן זייער שיין געלעבט ביז עס איז געוואָרן די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין דער רעוואָלוציע־צייט, איז זייער פיל צו באַשרייבן. נישט אויף איין בוידעם, נישט אין איין קעלער זיינען מיר געלעגן באַהאַלטן, מורא האָבנדיק פאַר די כוליגאַנישע באַנדעס, וועלכע האָבן אַזוי געגאַרט נאָך יידיש בלוט. נישט איינמאָל האָט מען אונז געפונען און צוגעשטעלט צו דער וואַנט ווייל עס איז געווען אַ פּריקאַז צו זייער אַטאַמאַן, אַז מענער פון 20 ביז 70 יאָר זאָל מען אויסהרגענען, אַז [און] מיר זיינען געפאַלן אויף אַ פּלאַן און געשריגן, אַז מיר זיינען נישט קיין יידן, מיר זיינען אַרטיסטן, האָט מען אונז געגעבן אין די הענט איין מאַנדאָלינע מיר זאָלן שפּילן און זינגען. און אַזוי איז געווען: מיר האָבן געשפּילט און געזונגען, און זיי, די כוליגאַנעס, האָבן זיך איבער אונז לוסטיק געמאַכט. מיין ווייב, נישט קענענדיק [קאָנענדיק] אַריבערטראָגן און צוזען דאָס אַלץ, און מורא האָבנדיק [אַז] מען וועט אונז אַלע אויסהרגענען, איז געפאַלן חלשות, און אַזוי לאַנג געלעגן ביז דאָס טייוולישע שפּיל האָט זיך געענדיקט, און זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען. [דאַמאָלט] האָט מען זי ערשט קוים דערמונטערט. דאָס איז געווען אין יעליסאַוועטגראַד. און אַזוי האָבן מיר איבערגעלעבט עטלעכע פּאָגראָמען, ביז גאָט האָט געהאָלפן, מיר האָבן זיך דערשלעפּט קיין אָדעס.

דאָרט איז שוין קיין פּאָגראָם נישט געווען, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ נייע צרה: עס האָט זיך אָנגעהויבן וועקסלען די מאַכטן. די

איז אַרויס, און די איז אַריין. אָט איז דעניקין, אָט זיינען די באָלשע־וויקעס, אָט איז פּעטלוראָווצעס, אָט זיינען די באָלשעוויקעס. און ביי אַלעמען איז מען נישט זיכער געווען מיטן לעבן. איינמאָל, ביי די באָלשעוויקעס, בין איך געגאַנגען מבקר חולה זיין מיינעם אַ גוטן פריינט. ער איז געווען אַ פּאַרמענגלעכער. מיט אַמאָל קומען אָן די באָלשעוויקעס מאַכן ביי אים אַן אונטערזוך, און מיך און נאָך 2 זייַ־נע שותּפים דאָרט געטראָפן און מען האָט אונז אַלע אַרעסטירט. מען האָט ביי אים געפאָדערט ער זאָל זאָגן וואו זיין גוטס ליגט ערגעץ באַ־האַלטן. און אַזוי ווי ער האָט נישט געוואָלט זאָגן, פירט מען אונז אַוועק אין שטאַב און מען פאַרמשפּט אונז צום טויט און טאַקע באַלד [אויסצופירן דעם פּסק־דין]. מיין ווייב און דעם גבירס טאָכטער, אַ דאָקטאָרשע, האָבן געוואָלט אַרויפגיין פרעגן פאַרוואָס מ'האָט אונז אַרעסטירט. זאָגט מען זיי, אַז מען וועט אונז באַלד שיסן, און דאָרט, אַז מען האָט געזאָגט, איז געווען געזאָגט. זיינען זיי באַלד אַוועקגע־לאָפן אין קאָמענדאַטור און דערציילט דעם קאָמענדאַנט פון אָדעס, אַז מען וועט אונז באַלד שיסן, און האָבן געוויינט פאַר אים, האָט ער זיי געגעבן אַ צעטל אויף דער האַנט אין שטאַב אַריין, אַז מען זאָל אונז באַלד צושטעלן לעבעדיקערהייט. אַז זיי זיינען געקומען מיט דעם צעטל, זיינען מיר שוין געשטאַנען צוגעשטעלט צו דער וואַנט, און די ביקסן זיינען שוין געווען צוגעשטעלט צו אונז. אַז דער נאַ־טשאַלניק פון שטאַב האָט דערזען דעם צעטל פון קאָמענדאַנט, האָט ער געגעבן אַ באַפעל מען זאָל אונז שוין אָפּפירן אין קאָמענדאַנטור. עס איז אַזוי געווען, עס האָבן אונז געפירט אפשר 100 סאָלדאַטן, ווי די גרעסטע פאַרברעכער. קומענדיק אַהין, איז באַלד געקומען צו לויפן דער פאָרזיצנדער פון אונזער [אַרטיסטן] - פאַריין, און מען האָט מיך באַלד אַרויסגענומען. נאָך די איבערלעבעכצער און נאָך די אַלע פּאָ־גראָמען, וואָס מיר האָבן געליטן, האָט מיין ווייב אָנגעהויבן שרייען [אַז] אויב איך וועל זי נישט אַוועקפירן אין אַן אַנדער לאַנד, וועל איך זי טרעפן אין אַ שיינעם טאָג אַן אויפגעהאָנגענע. איך, ליב האָבנדיק דאָס ווייב מיט דעם קינד, האָב געטאָן אַלע מיטלען און זיי געבראַכט אין רומעניע, האָפנדיק, אַז פון דאַנען וועלן מיר פאָרן קיין אַמעריקע. איך האָב באַלד אָנגעהויבן שרייבן בריוו קיין אַמעריקע, און עס

איז מיר אָנגעקומען שיפס־קאַרטן, איינרייזע־באַוויליקונג און אַ קאָנטראַקט פון אַמעריקאַנער דירעקטאָר משה שאָר. ליידער אָבער איידער איך האָב געהאַט די נויטיקע פּאַפּירן, האָט מען צוגעמאַכט [באַשטימט] די קוואָטע, און מיר זיינען געבליבן אין רומעניען. פון גרויסע שמערצן און ערגערניש בין איך קראַנק געוואָרן, און דאָק־טוירים האָבן געזאָגט, איך מוז האָבן אַן אָפּעראַציע. צו דעם צוועק בין איך קיין ווין געפאָרן, וואו איך בין אין איין לענגערע צייט אַרום געזונט געוואָרן. אַהיים קומענדיק האָבן מיר ווייטער געשפּילט אין די שענסטע טרופּעס, ווי צום ביישפּיל מיט פישזאָנען, מיט באַראַטאָוו, ביז מיט אַ יאָר צוריק בין איך ווייטער קראַנק געוואָרן. און שוין נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט צו פאָרן אין ווין אָדער אויף [אין אַ] קור־אָרט, ליג איך שוין אַ יאָר צו בעט. און אַ דאַנק דעם, וואָס מיין פרוי איז אַ גוטע אַרטיסטקע, שפּילט זי איצט אויך אין די שענסטע טרו־פּעס, און האַלט אויס די גאַנצע פאַמיליע. דאָס הייסט, מיך האַלט זי אויס און קורירט מיך, דאָס קינד האַלט זי אויס און לערנט אים [לאָזט אים שטודירן] אין קאָנסערוואַטאָריע, האַלט אויס אַ שוועסטער. און דאָס אַלץ אַ דאַנק דעם, וואָס מיין ווייב קאָן זיך ווארפן אומעטום. אָט האָט זי ערשט געשפּילט מיט באַראַטאָוון ליטעראַריש טעאַטער, און אָט שפּילט זי איצט ביי גאָלדענבערגן מיט די נעלי קעסמאַן אין דער אָפּערעטע. איר קענט זי מן הסתם, דאָס איז מאַדאַם פאַכלער.

איר וועט מיר אַנטשולדיקן, פריינט, דאָס הייסט אומבאַקאַנטער פריינט הער זילבערצווייג, וואָס איך גיב אייך אַזוי ווייניק אויסצוגן. ערשטנס בין איך קראַנק, איך קאָן מער נישט שרייבן, און צווייטנס, ווער קאָן זיך עס אָנגעדענקען וואָס [עס] האָט פּאַסירט מיט מיר אין די 32 יאָר, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין די 32 יאָר, וואָס איך האָב געאַרבעט אויף דער יידישער בינע, וואָס מיר האָבן איבערגע־לעבט אין די ערשטע צייט [צייטן], ווען איך בין אַרויף אויף דער בי־נע. מען האָט נישט געטאָרט שפּילן יידיש טעאַטער, נאָר „יידיש־דייטש טעאַטער”. אין מיטן שפּילן קומט צוגיין אַ פּריסטאַוו און הייסט לאָזן דעם פאָרהאַנג. ער לאָזט מער נישט שפּילן. מען רעדט יידיש.

— פון וואַנען ווייסטו, פריץ?

— איר דאַרפט זאָגן וואַס, האָט איר געזאָגט וואָסי! (וואָס איז?) מער האָט ער אַליין נישט געקענט.

היינט ווי שווער איז אָנגעקומען די ראַזראַשעניע [דערלויבניש] אויף צו מעגן שפּילן? אַז מען האָט שוין געהאַט פון מיניסטער און פון גובערנאַטאָר, האָט דער פּריסטאַוו געזאָגט [אַז] ער לאָזט נישט.

אַלזאָ, געננג, איך שליס מיין שרייבן און באַגריס אייך מיט אייער קומען, און ווינטש אייך דערפאָלג אין אייער אונטערנעמונג.

מיט גרויס דרך־ארץ
אַרטיסט דוד פּאַכלער.

* * *

איך האָב די אויטאָביאָגראַפיע אָפּגעדרוקט אין פּאַכלערס סטיל, בלויז ריכטיקער פּונקטירט, אָרטאָגראַפירט, באַזונדערס די העברעאישע ווערטער, און אין קלאַמערן טייל ווערטער געמאַכט פאַרשטענדלעך אָדער צוגעגעבן פעלנדע ווערטער.

פּאַכלער וועט שוין זיין ביאָגראַפיע נישט לייענען. זאָל דער טעאַטער־עולם כאָטש האָבן דעם קליינעם אָנדענקען פון אַן אַרבעטסזאַמען אָרימען יידישן אַקטיאָר.

„לאָדזער טאַגעבלאַט", 29 נאָוועמבער 1 דעצעמבער 1929.

# דער ליבהאָבער

א קינד פון יידישן טעאַטער — אָט דאָס איז די ריכטיקע כאַ־ראַקטעריסטיק, וואָס קאָן געזאָגט ווערן וועגן דעם נאָר וואָס פאַר־שטאָרבענעם ס ע מ ו ע ל  ר אָ ז ע נ ש ט י י ן.

אַנדערע יידישע אַקטיאָרן זיינען געקומען צום יידישן טעאַטער דורך חזנים, ביי וועלכע זיי האָבן געזונגען אַלס משוררים, אַנדערע זיינען געקומען דורך דראַמאַטישע קלובן — סעמועל ראָזענשטיין איז געקומען צום יידישן טעאַטער דורכן יידישן טעאַטער.

ער האָט גאָרנישט געדאַרפט קומען. ער איז דאָרט געבוירן גע־וואָרן.

יאַסי, די שטאָט אין רומעניע, וואו דאָס יידישע טעאַטער איז געבוירן געוואָרן, איז אויך די שטאָט וואו סעמועל ראָזענשטיין איז געבוירן געוואָרן.

אויפן טעאַטער־הויף, וואו די ערשטע יידישע טעאַטער־שטיק האָבן זייער עפנטלעך ליכט דערזען, דאָרט האָט אויך צום ערשטן מאָל די ליכטיקע וועלט דערזען דער קליינער שמואליקל.

אויף אָט דעם הויף זיינען שפּעטער געבוירן געוואָרן אויך אַנדערע יידישע אַקטיאָרן.

אָט דער הויף איז געווען די טעאַטער־שול פאַר אַ סך יידישע שוישפּילער.

דאָרט האָט מען געלערנט די טעאַטער־קונסט פון פּראַקטיק. דאָרט האָבן קליינע קינדער מיט דער מאַמעס מילך איינגעזויגן די טעאַטער־לופט, די טעאַטער־אַטמאָספערע, דאָרט האָבן קינדער אין זייער פריסטער יוגנט שוין געקענט געשיכטע, געזען גאַנצע וועלטן,

געהערט ריידן אַזעלכע מערקווירדיקע ווערטער און געזען טיפּן, וועלכע האָבן געררייצט זייער יונגע פאַנטאַזיע.

יענער הויף איז געווען איין שטיק טעאַטער. פון הינטן איז געווען די בינע אויף וועלכער מען האָט געשפּילט טעאַטער, און אין די זייטן זיינען געווען איינציקע חדרים אין וועלכע די אַקטיאָרן האָבן גע־וואוינט. אין די פויזעס פלעגן די אַקטיאָרן דערוויל אַריינגיין צו זיך, נישט אויסגרימירט, נישט איבערגעטאָן די היסטאָרישע קליידער. מלכים, פּרינצן, פלעגן זיצן אין ענגע, אָרימע שטיבלעך ביי בי־ליקע קבצנישע מאכלים, אַ פּרינצעסן פלעגט וויגן איר קינד, וועל־כעס איז אָפט געלעגן קרוע ובלוע אין אַ צעבראָכענער וויג.

און אָט אין דעם הויף האָט אויך געוואוינט ראָזענשטיינס פאָ־טער, וועלכער האָט געצויגן זיין ברויט פון עטלעכע פּרנסות; אביסל האָט ער געאַרבעט אין דער שטאָטישער באָד, געקלעפּט די אַפישן פון יידישן טעאַטער, און געווען אַ בילעטער אין רומענישן טעאַטער.

שמואליקל, זיין עלטסטער זון, האָט טאַקע געלערנט אין חדר, אין דער פאָלקס־שול און אפילו באַזוכט די פּראָ־גימנאַזיע, אָבער זיין אמתע דערציאונג האָט ער באַקומען אויף אָט דעם הויף, און דידאָזי־קע דערציאונג איז געווען אַ טעאַטער־דערציאונג.

פון קיין בילעטן האָט שמואליקל נישט געוואוסט. ער האָט נאַכט נאָך נאַכט פריי באַזוכט דאָס רומענישע אָדער דאָס יידישע טעאַטער און ווייל דאָס יידישע טעאַטער איז אים געווען צו נאָענט, האָט ער טאַקע אָפט באַזוכט דאָס רומענישע טעאַטער.

באַשאָנקען מיט אַ אַ שיינער שטימע האָט שמואליקל געזונגען אין נייעשאַצס סינאַגאָגע און דאָ האָט ער געשלאָסן חברשאַפט מיט אַ צווייט משוררל יאָסעלע שערמאַן, וועלכער איז שפּעטער אויך געוואָרן אַ באַקאַנטער יידישער שוישפּילער.

די „גרויסע גליקן”, וועלכע די יידישע אַקטיאָרן האָבן דאַמאָלט געהאַט, האָבן נישט באַגייסטערט די יידישע אַקטיאָרן, אַז זיי זאָלן אויך זייערע קינדער דערציען אַלס אַקטיאָרן, אָבער זעלטן ווער פון די עלטערן האָט געקאָנט אויסמיידן, אַז זייערע קינדער, וועלכע האָבן „געוואוינט” אין טעאַטער, זאָלן נישט אָנגעשטעקט ווערן מיט אַקטיאָ־רישקייט.

ראזענשטיינס פאטער האט אויך נישט געוואלט, אז זיין עלטסט קינד זאל ווערן אן אקטיאר. שמואליקל איז אבער שוין געווען אזוי באגייסטערט פארן רייץ פון טעאטער, אז ער האט געחלומט פונקט דאס פארקערטע פון זיין פאטער, און מורא-האבנדיק צו פאר-ווירקלעכן זיין חלום אין דער אייגענער היים, האט ער זיך צונויפגע-רעדט מיט זיין חבר יאסעלע און זיי זיינען ביידע אנטלאפן פון יאסי און אנגעהויבן וואנדערן איבער דער פראווינץ אלס לידער-זינגער.

קיין רעפערטואר האבן זיי מיט זיך נישט געפירט. זיי האבן גע-קענט אלע לידלעך, וועלכע זיי האבן זיך אנגעהערט אין יידישן און רומענישן טעאטער, און פלעגן אט די לידלעך נאכזינגען מיט די זעל-בע העוויות און באוועגונגען ווי די אקטיארן אין יאסי.

דער שלים-מזל איז אבער די צוויי יונגע בחורים נאכגעגאנגען. קיין זינגערס האבן נישט געפעלט. אין רומעניע קען, ברוך השם, יע-דער זינגען און קיין איבעריקע רייכקייט איז ביים פשוטן פאלק , די בעלנים אויף די לידלעך, נישט געווען.

האבן טאקע אונזערע „בלאנדזשענדע שטערן" געוואנדערט פון שטאט, צו שטאט, פון שטעטל צו שטעטל און פון א דערפל האבן זיי זיך אויך נישט אפגעזאגט. זייער בינע איז געווען דאס קאפע-הויז אדער דער שענק. דארט האבן זיי געזונגען און נאכן זינגען גע-ווארט אויף דעם ארימען האנאראר.

עס איז אבער באשערט געווען, אז זיי זאלן ווערן אקטיארן, און, אז עס איז באשערט, קומט עס אין שטוב אריין. פארנדיק שוין אהיים, האבן זיי געטראפן אין באן דעם דאמאלדיקן באקאנטן יידישן טעא-טער-דירעקטאר און אקטיאר סעגאלעסקא.

סעגאלעסקא איז געפארן „נעמען" יאסי, פאר וועלכער ער האט שוין צונויפגעשטעלט א טרופע. אונזערע יונגע בחורים האבן זיך נישט געלאזט לאנג בעטן און האבן פאר אים געזונגען אייניקע פון זייערע „שטיקלעך". עס איז דעם דירעקטאר שטארק געפעלן און ער האט זיי ביידע אריינגענומען אין זיין כאר.

איצט איז שוין ראזענשטיין געווען אויפן וועג צו א בינע-קא-ריערע. אין יענער צייט זיינען קיין סך יידישע אקטיארן נ א ך נישט געווען, און יעדער כאריסט, וועלכער האט נאר געהאט א שיינע

שטימע פאַר סאָלאָ נומערן און האָט אויך געקאָנט זאָגן „פּראָזע״, פּלעגט באַקומען די געלעגנהייט אַרויסצוטרעטן אין קליינע ראָלן.

אויך ראָזענשטיין האָט אַזוינאָך אָנגעהויבן זיין קאַריערע, און דאָ איז אונטערגעקומען אַ פּערזאָן, וועלכע האָט אים געמונטערט און פּאָרגעזאָגט אַ גוטע צוקונפט אַלס שוישפּילער, און דידאָזיקע פּערזאָן איז דאַמאָלט געווען די גרעסטע פּערזענלעכקייט אין יידישן טעאַטער.

א ב ר ה ם ג אָ ל פ אַ ד ע ן האָט געהייסן אָט די פּערזאָן.

אברהם גאָלדפאַדען, דער גרינדער פון יידישן טעאַטער האָט זיך דאַמאָלט געפונען אין יאַסי, ער האָט געהערט שמואל ראָזענשטיי־נען זינגען און ער האָט צו אים געזאָגט:

„יונגערמאַן, איר דאַרפט נישט זיין קיין כאָריסט, איר דאַרפט זיין אַן אַקטיאָר״.

און ווען ראָזענשטיין איז אויפגעטראָטן אַלס „הערמאַן״ אין גאָלדפאַדענס „משיחס צייטן״, האָט ער באַוויזן, אַז גאָלדפאַדען האָט נישט געהאַט קיין טעות. מען האָט תיכף געזען, אַז ראָזענשטיין באַ־זיצט גוטע בינע־פעאיקייטן און אין פאַרלויף פון די צוויי יאָר, וועל־כע ער האָט געשפּילט ביי סעגאַלעסקאָ, האָט ער שוין באַקומען גרע־סערע ראָלן.

פון סעגאַלעסקאָ איז ראָזענשטיין אַוועק צום צווייטן אָנגעזעענעם דירעקטאָר אין רומעניע — אברהם אַקסעלראָד. אַקסעלראָדס טרופּע איז געווען דער פּרוביר־שטיין פאַר אַלע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן אָנ־געהויבן זייער בינע־קאַריערע אין רומעניע. שפּילן דאָרט וויכטיקע ראָלן, האָט געהייסן, אַז מען איז שוין אַ שוישפּילער. ראָזענשטיין האָט דאָרט שוין געשפּילט ליבהאָבער־ראָלן.

מיט אַקסעלראָדס טרופּע איז ראָזענשטיין אַרומגעפאָרן איבער רומעניע און דערנאָך אַריינגעטראָטן אין דער דאַמאָלטיקער גרעסטער יידישער טרופּע אין רומעניע, וועלכע איז געווען אונטער דער די־רעקציע פון קלמן יאָווילער.

יאָווילער איז דאַמאָלט געווען דער טאָן־געבער פון יידישן טעאַ־טער אין רומעניע. זיין טרופּע איז באַשטאַנען פון 23 פּערזאָן. ער האָט דער ערשטער אויפגעפירט פיל נייע אָפּערעטעס און האָט אויך גע־

בראַכט אַברהם גאָלדפאַדענען אויפצופירן אייניקע פון זיינע פּיעסעס.

דער נאָמען פון דער טרופּע איז דערגאַנגען ביז אַמעריקע.

אין אַמעריקע איז דאַמאָלט — פּונקט פאַרקערט פון היינט — געווען אַ גרויס פּובליקום פאַר יידיש טעאַטער, נאָר עס האָבן געפעלט אַקטיאָרן. פּראָפעסאָר הורוויץ, וועלכער האָט דאַמאָלט דאָרט געקע-ניגט, האָט געהאַט אַן אייגן טעאַטער „ווינדזאָר", אָבער ער איז גע-ווען צו שוואַך פאַר דער קאָנקורענץ. ער האָט געזוכט עפּעס שטאַר-קעס, עפּעס עפעקטועלעס קעגן זיינע קאָנקורענטן, און ער האָט גע-בראַכט פון רומעניע די גאַנצע „יאָוועליר-טרופּע". אַזוי איז געווען יאָוועלירס באַדינג: אַ ל ע מוזן קומען.

און עס זיינען געקומען יאָוועליר, רעגינאַ פּראַגער, פּיטער גראַף, אַנשל שאָר, שמואל ראָזענשטיין און אַנדערע.

דאָס איז געווען אין 1900.

ראָזענשטיין איז דאַמאָלט געווען אינגאַנצן 21 יאָר, יונג, עלע-גאַנט, שיין, מיט אַ פּרעכטיקער טענאָר-שטימע און מיט בינע-פּעאַי-קייטן. עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז ער איז באַלד אָנערקענט געוואָרן אַלס דער „יונגטלעכער ליבהאָבער", און ווען ער איז אין צוויי יאָר אַרום אַריבער אין פּיפּלס-טעאַטער צו באָרים טאָמאַשעוו-סקין, האָט אים טאָמאַשעווסקי אויך ביי זיך אין טעאַטער געלאָזט שפּילן ליבהאָבער-ראָלן און אָפט אים אָפּגעטראָטן די ראָלן, וועלכע ער, טאָמאַשעווסקי, האָט געשפּילט.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און ראָזענשטיין, איצט שוין סאַ-מועל, נישט שמואל, איז געוואָרן דער „מאַטינע-אײדעל"*), אויף דער היינטיקער טעאַטער-שפּראַך וואָלט עס געהייסן, אַז ער איז גע-ווען דער „רודאָלף וואַלענטינאָ אויף דער יידישער בינע".

ראָזענשטיין איז געוואָרן דער ליבלינג פון דעם שיינעם געשלעכט, אָבער ער האָט דאָס נישט אויסגענוצט. עס איז קיין שום גוזמא צו זאָגן, אַז ראָזענשטיין האָט מיט זיינע טאַטן נישט באַשטעטיקט דעם אָנגענומענעם כלל וועגן דעם פרייען לעבן פון אַקטיאָרן. ער

---

*) „מאַטינע־אײַדעל" — אידעאַל פון די באַזוכער פון די נאָכ־מיטאָג־פאָרשטעלונגען, על פּי רוב פרויען.

האָט אפילו נישט געריכערט, נישט געטרונקען און נישט געשפּילט אין קאָרטן, און וואָלט ער נישט געפירט קיין רייכע שטוב און נישט געפּרובט זיך אַלס מענעדזשער, וואָלט ער נישט געקומען צו דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע, ווי לעצטנס.

אָבער נישט נאָר אין דער אָפּערעטע האָט ראָזענשטיין געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון פּובליקום און פון דער קריטיק. ווען ער איז פון טאָמאַשעווסקין אַריבערגעגאַנגען צו אַדלערן אין גרענד־טעאַטער, איז אים שוין אויסגעקומען מער צו שפּילן אין דער דראַמע, און דאָ ערשט האָט ראָזענשטיין באַוויזן, אַז אויסער אַן אויסגעצייכנטער זינגער, איז ער אויך אַ גוטער שוישפּילער.

די צוויי טיפּן, וועלכע ראָזענשטיין האָט געשאַפן: דעם „פּרוש" אין יעקב גאָרדינס „גלות גאַליציע" און דעם „לויפער מאָרי" אין גאָרדינס „אָן אַ היים", טיפּן, וועלכע זיינען זיך געווען אַבסאָלוט קעגנ־זעצלעך, און וועלכע זיינען אויסגעצייכנט פּאַרקערפּערט געוואָרן פון ראָזענשטיינען, האָבן פאַר אַלעמען אַרויסגעבראַכט, אַז ער איז אויך אַ באַדייטנדער שוישפּילער אַ חוץ זינגער.

פון אַדלערס גרענד־טעאַטער איז ער צוריק אַוועק צו טאָמאַשעווס־סקין, וואו ער האָט 7-8 סעזאָנען געשפּילט אונטערן מענעדזשמענט פון לואי גאָלדבערג. טאָמאַשעווסקי, וועלכער האָט זייער ליב געהאַט ראָזענשטיינען, האָט אים אָנגעהויבן אַרויסשטופּן אין פראָנט און אים געבן ערשטע ראָלן. אויך שפּעטער, ווען ראָזענשטיין האָט גע־שפּילט מיט קעסלערן, איז אים אויסגעקומען שפּילן אַזעלכע ראָלן ווי „גרעגואַר" אין „קרייצער סאָנאַטאַ" און די הויפּטראָל „מאָזעס אַפּעל" אין דער אָפּערעטע „אַלמאַ וואו וואוינסטו?"

ראָזענשטיין איז דאַן ווידער צוריקגעקומען צו טאָמאַשעווסקין, וועלכער האָט געעפנט דעם נעשאָנעל־טעאַטער. דאָ טרעט ראָזענשטיין אויף אין דער הויפּטראָל פון „די יידישע קרוין", און פילנדיק, אַז דאָס פּובליקום איז מיט אים, פּרובט ראָזענשטיין זיין מזל אַלס מע־נעדזשער. צוזאַמען מיט לואי גאָלדבערג, לעאָן בלאַנק און ראָזאַ קאַרפּ, נעמט ראָזענשטיין אין 1912-13 דאָס לענאָקס־טעאַטער אין האַרלעם, אָבער ער האָט קנאַפּ מזל. פאַרלירנדיק עטלעכע טויזנט דאָ־לאַר, וועלכע ער האָט אָפּגעשפּאָרט פון זיין שוישפּילערישער טעטי־

קייט, גייט ראָזענשטיין איבער מיט דער גאַנצער טרופּע אין נעשאָנעל־טעאַטער, וואו ער שפּילט דריי סעזאָנען, און אין לעצטן סעזאָן, בעת רומשינסקי פירט אויף זיין ערשטע גרויסע אָפּערעטע „דאָס צעבראָכענע פידעלע", שפּילט דאָרט ראָזענשטיין די הויפּטראָל, אין וועלכער ער האָט אַ גרויסן דערפאָלג.

אָט די אויפפירונג מיט אַ כאָר פון 40 פּערזאָן און אַן אָרקעסטער פון 24 מאַן איז בכלל איינע פון די אינטערעסאַנטסטע בלעטער אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין אַמעריקע, און ראָזענשטיין האָט אין איר געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָלע.

באַלד אָבער, נאָך ראָזענשטיינס גרויסן דערפאָלג, זיינען געקומען, ווי עס פּאַסירט אָפט אין לעבן, שווערע טעג. אַ נייער שטערן האָט אויפגעלויכטן אויפן טעאַטער־האָריזאָנט: סעמיועל גאָלדענבורג איז געקומען, און ס'איז נאַטירלעך, אַז ער האָט, שפּילנדיק אין זעלבן טעאַטער, צוגעצויגן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט צו זיך. ראָזענשטיין איז דאַן אַרויס פון נעשאָנעל־טעאַטער און אַריבער צו עדעלשטיינען אין פּיפּלס־טעאַטער, וואו ער איז געווען צוויי סעזאָנען, דערנאָך ווידער אַ סעזאָן אין נעשאָנאַל־טעאַטער. דאַן איז ער אַנגאַזשירט געוואָרן צו עדעלשטיינען אין קעסלערס סעקאָנד עוועניו־טעאַטער, וואו ער האָט ווידער געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג אין רומשינסקיס אָפּערעטע „דעם רבינס ניגון", פאַר וועלכער ראָזענשטיין האָט אויך געשריבן אַ טייל פון די לירִיקס.*) דערנאָך גייט ראָזענשטיין ווידער אַריבער אין נעשאָנאַל־טעאַטער און בלייבט דאָרטן אויך שפּילן, אפילו דאַן, ווען ס'באַווייזן זיך ווידער צוויי נייע שטערן: מיכאַלעסקאָ און דערנאָך לעבעדיעוו.

1925-26 פּרובט ראָזענשטיין ווידער זיין מזל (צוזאַמען מיט ראָזאַ קאַרפּ) אַלס מענעדזשער אין לענאָקס־טעאַטער און ווידער דערשלעפּט ער קוים דעם סעזאָן מיט אַ מאַטעריעלן דורכפאַל.

פאַרביטערט פון ניו־יאָרק, פאָרט ראָזענשטיין אָפּ קיין פילאַדעלפיע, וואו ער שפּילט אָבער נאָר צוויי חדשים ביי מייק טאָמאַשעווסקי און ענדיקט דעם סעזאָן אין בראָנזווילער ליבערטי־טעאַטער

---

*) לידלעך

אונטערן מענעדזשעמענט פון אַנשל שאָר. אין סעזאָן 1927-28 ווערט ראָזענשטיין אַנגאַזשירט דורך זיין פריינט לואי גאָלדבערג אין דעם ניי־געעפנטן פּאַבליק־טעאַטער, וואו ער שפּילט צוזאַמען מיט לודוויג זאַץ, און נישט קוקנדיק אויף זיינע קנאַפּע 50 יאָר, באַווייזט ער נאָך זיך צו האַלטן געגנוג יונג אויף דער בינע. דעם קומענדיקן סעזאָן (1928-29) שפּילט ראָזענשטיין אין שיקאַגאָ און דאָ הויבט זיך אָן זיין קאַטאַסטראָפע.

פילנדיק, אַז אָנשטאָט צו שטייגן, הויבן זיך אָן פאַר אים די טעג פון ירידה, הויבט ראָזענשטיין אָן זיך צו נעמען צום האַרצן יעדעס שטיקל עגמת־נפש. ער באַווייזט נאָר צו שפּילן אַ קורצע צייט, ביז ער ווערט קראַנק, מוז אָפּגעפירט ווערן אין אַ שפּיטאָל און מאַטערט זיך שוין אַזוי מיט זיין קראַנקן געזונט־צושטאַנד ביז צום נייעם סעזאָן.

זיין געזונט דערלויבט אים אייגנטלעך נישט צו באַטרעטן די בינע, דער מאָגן פאָדערט אָבער זיינס, און אַזוי אַנגאַזשירט ער זיך קראַנקערהייט אויפן סעזאָן 1929-30 אין געבילס פּאַבליק־טעאַטער.

און דאָ הויבט זיך אָן די טראַגעדיע פון דעם אַקטיאָר: אין לעבן — אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער, בלאַס און מיד, הינטער די קוליסן — אַ חולה מסוכן, אָפּט דערמינטערט דורך פּילן אָדער אַנדערע מעדיצינישע מעדיקאַמענטן; אויף דער בינע — אַ פרייליכער, אַ לוסטיקער, אַ מונטערער, אַ זינגענדיקער, אַ טאַנצנדיקער.

אַ שווער, דאָפּלט־שפּיל, אַ שפּיל וואָס פאָדערט באַלדיקע נקמה, און ראָזענשטיין האָט אָנגעהויבן צו באַצאָלן.

ער האָט אָנגעהויבן אויספעלן צו פאַרשטעלונגען. מען האָט אים אָנגעהויבן פאַרטרעטן אין זיינע ראָלן, ראָלן, וועלכע ער איז פיזיש שוין אפילו געווען צו־שוואַך אויסצולערנען.

ראָזענשטיין האָט געפילט וואָס דאָס באַדייט פאַר אים. ער איז געווען דער קראַנקער, וואָס ווייסט, אַז ער איז קראַנק, און אָט דאָס וויסן מאַכט אים נאָך קראַנקער.

ער האָט אָנגעהויבן ווערן נערוועז און אָפּט צוזאַמענברעכן, ביז די דאָקטוירים האָבן אים פאַרווערט צו שפּילן און פאַראָרדנט, אַז ער מוז תיכף אָפּפאָרן קיין קאַליפאָרניע.

ראָזענשטיינען האָט מער נישט גענוצט די וואַרעמקייט פון די בינע־לעמפּלעך און פון די אַפּלאָדיסמענטן, ער האָט שוין געמוזט האָבן די אמתע וואַרעמקייט פון דער קאַליפאָרניער זון.

און אָט אַזוי האָט ראָזענשטיין לעצטן זונטאָג, אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי, זיך געלאָזט אויפן וועג קיין קאַליפאָרניע.

געציילטע פריינט זיינען געקומען צום וואָקזאַל זיך מיט אים געזעגענען, און געזעגענענדיק זיך מיט זיין אַלטן פריינט ווילי פּאַסטערנאַק, וועלכער האָט אים געטרייסט, אַז ער וועט נאָך צוריקקומען קיין ניו־יאָרק געזונט און ווייטער שפּילן, האָט דער קראַנקער ראָזענשטיין געזאָגט:

„נאָ, ווילי, מיר וועלן זיך שוין מער נישט זען, און דעריבער לאָמיר זיך צוקושן".

און נאָכן קושן האָט ראָזענשטיין שטאַרק און לאַנג געוויינט.

און ווייטער איז שוין אַלץ געגאַנגען מיט אַן אימפּעטנער שנעלקייט. קוים דערפאָרן אין שיקאַגאָ, איז ראָזענשטיין שוין געווען אַזוי צעבראָכן, אַז מען האָט אים געמוזט אַראָפּנעמען. די דאָקטוירים, וועלכע האָבן אים אונטערזוכט, האָבן פעסטגעשטעלט, אַז עס איז שוין נישטאָ קיין רעטונג. זיין בלוט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וואַסער

ראָזענשטיין האָט אויפגעהערט צו דערקענען זיינע נאָנטסטע פריינט.

לעאָן בלאַנק, וועלכער איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיין טויטןבעט, טעלעגראַפירט וועגן אָט דעם שווערן מאָמענט: „איר אין ניו־יאָרק זענט גליקלעך, וואָס איר האָט נישט געזען ווי דער אומגליקלעכער מאַטערט זיך".

אָבער ראָזענשטיין האָט זיך לאַנג נישט געמאַטערט. דאָנערשטאָג דעם 30־טן יאַנואַר, האָט ער צום לעצטן מאָל געשלאָסן זיינע אויגן, אין „אַמעריקאַנער האָספּיטאַל" אין שיקאַגאָ.

און דאָרט, אין רומעניע, וואו מען האָט נאָך אַלץ געוואַרט צו הערן „אונזער שמואליקלען", וועט מען שוין מער קיינמאָל נישט הערן די זיסע שטימע און קיינמאָל נישט זען די לייכטנדע אויגן פון סעמועל ראָזענשטיין.

„פאָרווערטס", 3 פעברואַר 1930.

# די דאַמע

עס וואָלט געווען נישט ריכטיק צו מיינען, אַז דער גאַנצער יחוס פון פ ע נ י וו א ד י א  ע פ ש ט ײ ן באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז געווען אַ פירשטין. פעני וואַדיאַ עפשטיין איז געווען איינע פון אונזערע בעסטע שוישפּילערינס בכלל און פון די טאַלאַנטפולסטע יידישע דראַמאַטישע קינסטלערינס, וועלכע האָבן זיך שוין מיט יאָרן צוריק זייער ערנסט אָפּגעגעבן מיט זייערע ראָלן און אָפּגעהיט די מחיצה צווישן שונד און קונסט.

אַרום דעם נאָמען פעני וואַדיאַ עפשטיין איז פאַרהאַן אַ גאַנצער געוועב פון לעגענדעס.

דער נאָמען פעני וואַדיאַ עפשטיין איז אַ חוט המשולש: „פעני" איז אַן ענגלישער נאָמען, „וואַדיאַ" איז אַן אינדישער נאָמען און „עפשטיין" איז אַ יידיש־פּויליש־רוסישער פאַמיליע־נאָמען.

פעני עפשטיין איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע (קיין יאָר און דאַטום איז נישט באַוואוסט, נאָר אַזוי ווי זי איז געשטאָרבן אין יאָר 1913 אין עלטער פון 40 יאָר, דאַרף מען אָננעמען, אַז זי איז געבוירן אין 1873). איר פאָטער איז געווען אַ שניידער. אין יענע יאָרן איז עס אָנגעגאַנגען די גרויסע אויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע. הויפּט־זעכלעך זיינען געלאָפן בעלי־מלאכות, אָבער נישט אַלע זיינען געווען מאַטעריעל בכוח צו פאָרן ביז אַמעריקע, אַנדערע זיינען געבליבן אין מיטן האַלבן וועג: אַ טייל אין פּאַריז, אַ טייל אין קאָפּענהאַגען און אַ טייל אין לאָנדאָן.

אויך דער שניידער עפשטיין איז דערפאָרן בלויז ביז לאָנדאָן, און דאָרט האָט ער זיך געשטעלט אַרבעטן ביי זיין פּראָפעסיע. אָבער קיין גרויסע גליקן האָט ער נישט געמאַכט, און ווען פ ע נ י וואַקסט

נאָר אַ ביסל אונטער, הויבט מען שוין אָן טראַכטן וועגן האָבן אַ נוצן פון דעם מיידל.

גראָד איז פּעני באַשאָנקען מיט אַ גוטער שטימע, פון וועלכער זי קאָן ציען אַ שטיקל הכנסה.

אין יענער צייט האָט דער פּלאָצקער קצב סמיט אָנגעהויבן שפּילן יידיש טעאַטער אין לאָנדאָן. סמיטס ראָל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געהאַט אין אַרענדע אַ קלוב־זאַל אויף פּרינצעס־סטריט (אין רעכטן צענטער פון יידישן לאָנדאָן). אין דעם זאַל האָט מען געמאַכט אַ פּראָוויזאָרישע בינע, קיין ריי־שטולן זיינען אין זאַל נישט געווען, נאָר טישלעך און אַרום זיי שטולן. אַזוי ווי טעאַטערס דאַרפן זיין פאַרזאָרגט מיט ספּעציעלע אויסגאַנגס־טירן א. ד. גל., זאַכן, וועלכע זיינען אין קלוב נישט געווען, האָט מען דעריבער נישט געקאָנט באַקומען קיין דערלויבניש דאָרט צו שפּילן טעאַטער און מען האָט אַלזאָ געשפּילט אומלעגאַל. עס האָט געהייסן, אַז ווען די מיטגלידער פון קלוב קומען זיך צוזאַמען, טרעטן פאַר זיי אַרויס אַרטיסטן, און אַרטיסטן זיינען דאַמאָלט געווען אין לאָנדאָן די סאַמע חשובסטע, וואָס די יידישע בינע האָט געהאַט: יעקב פּ. אַדלער, זיגמונט פיינמאַן, מאַקס ראָזענטאַל, יעקב קאַצמאַן.

די לאָנדאָנער פּאָליציי וואָלט זיכער ווייטער געקוקט צווישן די פינגער אויפן דאָזיקן טעאַטער („קלוב”), ווען נישט אַן אומגליקלעכער צופאַל.

דעם 18־טן יאַנואַר 1887, בעת דער קלוב איז געווען איבערפולט, האָט פּלוצלונג אַן אומבאַקאַנטע שטים אויסגעשריגן איין וואָרט „פייער”. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכע מהומה אין זאַל, און אַזוי ווי קיין נויט־אויסגאַנגס־טירן זיינע טאַקע נישט געווען, האָט זיך דער גאַנצער עולם געלאָזט צו דער איינציקער טיר, און דער רעזולטאַט איז געווען אַ פאַטאַלער — 17 מענטשן זיינען דערשטיקט געוואָרן.

אָט אין דעם טעאַטער איז עס פּעני עפּשטיין אַלס 14־יאָריק מיידל אָנגעקומען אַלס כאָריסטקע. עס זיינען געווען מערערע כאָריסטקעס, נאָר דריי פון זיי, די סאַמע פעאיקסטע, זיינען געווען פּעני עפּשטיין, דזשעני קייזער (שפּעטער די נישט־פאַרהייראַטע פרוי פון

יעקב פּ. אַדלער) און אננא העלד. אַלע דריי זיינען זיי שפּעטער געוואָרן אַקטריסעס, וועלכע האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין טעאַטער, דערפון די ערשטע צוויי אויף דער יידישער בינע, און די דריטע — אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער בינע.

אָפיציעל איז פעני עפּשטיין געווען אַ כאָריסטקע, אָבער ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ קליין ראָלכל, האָט מען עס נישט געגעבן קיין אַקטריסע, נאָר איר, און זי האָט דערביי אַרויסגעוויזן פעאיקייטן.

אויף אַ שטיקל צייט פאַרשווינדט פאַר אונז יעדע אינפאָרמאַציע וועגן דער עפּשטיין. די ערשטע ידיעה וועגן איר ווייטערדיקער בינעטעטיקייט, איז אַ מעשה, אַז זי איז אַרויסגעטראָטן אויף אַ באַל מיט אַ דעקלאַמאַציע פון מאָרים ראָזענפעלד. אויף דעם באַל איז אויך געווען דער דאַמאָלט באַרימטער אַקטיאָר און דראַמאַטורג זיגמונט פיינמאַן. ער האָט זי געהערט דעקלאַמירן, זי איז אים געפעלן, און ער הויבט אָן זיך אָפּצוגעבן מיט איר ווייטערדיקער בינע־טעטיקייט. אַ ריי יאָרן שפּילט זי אין ענגלאַנד, ביז זי פאָרט אַוועק (ווען און געננוי צוליב וואָס לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן) קיין אַרגענטינע.

וואָס זי האָט דאָרט געטאָן און וואָס עס איז מיט איר ווייטער געשען, וועגן דעם זיינען פאַרהאַן אייניקע ווערסיעס.

איין ווערסיע זאָגט, אַז זי איז פּשוט געווען אין אַן עפנטלעך הייזל. דאָרט איז איינמאָל געקומען צו איר אַלס גאַסט אַ שוואַרצער פּירשט מיטן נאָמען וואַדיאַ. ער האָט זיך אין איר פאַרליבט, זי אַרויסגעראַטעוועט פון שמוץ און אָפּגעפירט קיין לאָנדאָן.

אַ צווייטע ווערסיע זאָגט, אַז זי איז אין בוענאָס איירעס געווען אַ ווייסע שקלאַפין נישט פון גוטן ווילן, נאָר ווייל זי איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אויסוואורפן, וועלכע האָבן זי געצוואונגען דערצו, און זי האָט דעריבער אויסגענוצט די געלעגנהייט און זיך אַרויסגעריסן פון דאָרט. אַלס ענגלישע בירגערין איז זי געקומען צום ענגלישן קאָנסול בעטן שוץ, דאָרט האָט זי זיך געטראָפן מיטן אינדישן פּרינץ וואַדיאַ, און ער האָט זיך תיכף אין איר פאַרליבט.

אַ דריטע ווערסיע איז, אַז זי האָט אין אַרגענטינע געפירט אַן

אַנשטענדיק לעבן, נאָר ווייסע שקלאַפּן־הענדלער האָבן זי פאַרנאַרט אויף א שיף קיין בראַזיליע, וואו מען האָט זי געוואָלט פאַרקויפן. אויפן שיף האָט זי זיך געכאַפּט וואָס מען וויל מיט איר טאָן, און זי האָט איר לאַגע פאַרטרויט פאַרן אינדישן פּרינץ וואַדיאַ, וועלכער האָט זיך געפונען אויפן שיף. ער האָט זי געראַטעוועט און געבראַכט קיין לאָנדאָן.

וועלכע ווערסיע עס זאָל נישט זיין אמת, איז אָבער א פאַקט, אַז זי איז געקומען צוזאַמען מיטן שוואַרצן פּירשט וואַדיאַ קיין לאָנדאָן.

דער פּירשט האָט פאַר איר געדונגען א דירה אין שענסטן אַריסטאָקראַטישן קוואַרטאַל פון לאָנדאָן. די וואוינונג איז געווען זייער א קאָמפאָרטאַבלע. דער פּירשט איז אין איר געווען אַזוי פאַרליבט, אַז ער האָט באַשלאָסן מיט איר חתונה צו האָבן. און דאָ האָט זיך געשטעלט די רעליגיעזע וואַנט צווישן זיי. פּעני האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם יידישן גלויבן, און דער פּרינץ האָט דעריבער געמאַכט א זייער געוואַגטן שריט. ער האָט באַשלאָסן זיך מגייר צו זיין. דער באַקאַנטער לאָנדאָנער מוהל טערטום האָט אים מל געווען און ער האָט געזעצלעך חתונה געהאַט מיט פּעני עפּשטיין, וועלכע האָט זיך פון דאַמאָלט אָן אָנגעהויבן רופן פּעני וואַדיאַ עפּשטיין.

דער פּירשט האָט זיין געליבט ווייב אַרומגערינגלט מיט לוקסוס. פּעני איז אָבער נישט געווען גליקלעך. פון איין זייט האָט זי געצויגן צו די בינע־ברעטער, פון דער אַנדערער זייט האָט זי געלעבט אין א שרעקלעכער איינזאַמקייט, וואָרום דער שוואַרצער מאַן איז געווען אויף איר אויסערגעוויינלעך אייפערזיכטיק. ער האָט צו איר געהאַט א זייער קנאַפּן צוטרוי און קיין מאַן האָט נישט געטאָרט באַטרעטן די שוועל פון זייער שטוב. די אייפערזוכט זיינע איז געווען אַזוי ווילד, אַז אפילו פּעניס ברודער האָט נישט געטאָרט אַריינקומען אין שטוב אין זיין אָפּוועזנהייט. דער איינציקער פּאַר וועמען דער אַריינגאַנג איז שטענדיק געווען דערלויבט איז געווען פּעניס פאָטער.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דער לעבנס־דורשטיקער פּעני איז אַזא לעבן געווען א פּשוטער פּיין און זי האָט אָנגעהויבן אָנווענדן אַלע מיטלען זיך צו באַפרייען פון איר שוואַרצן פּרינץ, און ענדלעך איז

עס איר געלונגען, זי האָט באַקומען פון אים אַ גט און אַ רענטע אויף איר גאַנץ לעבן.

איצט האָט זי זיך מיט איר גאַנצן פייער געגעבן אַ וואָרף צו דער בינע. בטבע אַ גוטהאַרציקע, האָט זי אונטערשטיצט פאַרשידענע טעאַטער־אונטערנעמונגען, און גלאַט אַזוי פאַרטיילט געלט צווישן די אַקטיאָרן און זייערע גוטע ברידער.

נישט זייענדיק פון דער נאַטור קיין איבעריק שיינע האָט זי אָבער געהאַט אַ מאָדנעם חן אויף דער בינע. קלאָרע העלע אויגן, אַ ביסל אַ פאַררי‌סן נעזל, אַ פרעכטיקע טאַליע און אַ צאַרטע העלע דראַמאַטישע שטים. זייער טעמפּעראַמענטפול און אַן שרייענדיקע זשעסטיקולאַציעס, האָט זי זיך ספּעציעל איינגעלעבט אין צוויי ראָלן, וועלכע זיינען איר געווען באַזונדערס נאָנט: זאַלאַטאַרעווסקיס „די ווייסע שקלאַפין" און י. גאָרדינס באַאַרבעטונג פון גרילפּאַרצערס „מעדעאַ". „די ווייסע שקלאַפין" איז אַ פּיעסע וואָס שילדערט ווי אַזוי אַ מיידל פאַלט אַריין אין תהום פון אויסגעלאַסנקייט און „מע־דעאַ" ווידער איז די פרוי פון אַ פּרינץ, מיט וועלכן זי האָט צוויי קינדער, און ער פאַרליבט זיך אין אַ ווייסער, און פאַרלאָזט זי. פון כעס דערטרינקט זי די קינדער און צינדט אונטער דעם פּאַלאַץ.

אין 1910 קומט זי גאַסטראָלירן אין פּוילן. דאָ רופט זי אַרויס ביים פּובליקום אַ גרויס אויפזען, אָבער אַ קנאַפּן מזל האָט זי צו דער קריטיק. פון איין זייט איר רעפּערטואַר, פון דער אַנדערער זייט די מאָדנע קלאַנגען וועגן איר פּריוואַט לעבן, וואָס ווערן אפילו אָנ־געדייט צום שלעכטן פון אַזאַ קריטיקער ווי דוד פרישמאַן. איין נח פּרילוצקי, וועלכער איז דאַמאָלט געשטאַנען זייער נאָנט צום יידישן טעאַטער, ווייזט אָן אויף איר אַלס אַ נייעם טיפּ שוישפּילערין אויף דער יידישער בינע. ער שטעלט זיך באַזונדערס אָפּ אויף איר פיינעם טאָן און עלעגאַנטע האַלטונג און כאַראַקטעריזירט זי אַלס די „פּאַני" (אַ פּוילישער אויסדרוק פאַר אַ לידי, אַ דאַמע), וועלכע די יידישע בינע אין אייראָפּע האָט ביז דאַמאָלט נאָך נישט געזען.

פון וואַרשע פאָרט פּעני וואַדיאַ עפּשטיין (ביים נאָמען וואַדיאַ בלייבט זי ווייטער) אָפּ קיין רוסלאַנד. דאָ שפּילט זי שוין דעם גאַנצן גאָרדין־רעפּערטואַר און אויך דאָס באַקאַנטע טעאַטער־שטיק

„מאַדאַם איקס”. פון דאָרטן קומט זי ווידער צוריק אין וואַרשע און ווערט דערנאָך אַנגאַזשירט קיין לאָדז אין „גרויסעם טעאַטער”.

האָבנדיק שוין צעטיילט איר פאַרמעגן (זי האָט די רענטע פאַר־קויפט), איז זי אינגאַנצן אָנגעוויזן אויף אירע שכירות אַלס שוי־שפּילערין, און כאָטש זי איז אַ גרויסע אויסברענגערין, איז זי מסכים צו נעמען קלענערע שכירות נאָר מיטן באַדינג, אַז זי זאָל זיך נישט באַטייליקן אין דער אָפּערעטע, וואָס זי האָט אין אָנהויב יאָ געטאָן.

ערשט דאַן הויבט זי אָן צו אַנטוויקלען איר דראַמאַטישן טאַ־לאַנט. אירע פיגורן זיינען אַזוי לעבנסטריי, אַז זיי שמידן צו זיך צו נישט נאָר דעם צוקוקער אין טעאַטער, נאָר אויך די אַקטיאָרן קומען דורך איר שפּילן אַריין אין כאַראַקטער פון זייערע ראָלן.

פּעני איז פול מיט לעבן, וועלכעס זי קאָן נישט אויסלאָדן אויף דער בינע, און זי הויבט אָן געניסן פון לעבן מיט פולע הענט. לאַנג־זאַם, לאַנגזאַם טרעט צו איר צו איין קראַנקהייט נאָך דער אַנדערער, זי איז שוין מער נישט בכח צו שפּילן אויף דער בינע און זי ווערט אָפּגעפירט אין יידישן שפּיטאָל אין וואַרשע.

דאָ מאַטערט זי זיך חדשים לאַנג מיטן טויט. פאַרשידענע קראַנק־הייטן, וואָס יעדע איינע באַזונדער איז בכח צו צעשמעטערן דעם שטאַרקסטן מענטשלעכן קערפּער, טרעטן צו איר צו, און אַזוי הויכט זי אויס אין יאָר 1913 איר נשמה אין יידישן שפּיטאָל אויף טשיסטע אין וואַרשע.

די גאַנצע צייט פון איר קראַנקהייט איז זי געווען פאַרלאָזן פון די אומצאָליקע פאַרערערס, וועלכע האָבן זיך אַזוי געיאָגט נאָך איר שוישפּילער קערפּער, ווען זי איז געווען געזונט און האָט געררייצט. בלויז געציילטע האָבן זי פון צייט צו צייט באַזוכט, און מיט זיי פלעגט זי זיך טרייסטן, אַז אָט־אָט נאָך אַ ביסל וועט זי אַרויס פון שפּיטאָל, און זי וועט ווידער שיינען אויף דער בינע. אָט האָט זי דאָך נאָך איר קאָסטיום פאַר „מעדעאַ”, דעם קאָסטיום, וועלכן זי האָט זיך געמאַכט אין די גוטע צייטן, און וועלכן זי האָט נישט געוואָלט פאַרקויפן אפילו דאַמאָלט, ווען זי האָט זיך גענויטיקט אין עטלעכע פּרוטות אויף אַ גלאָז מילך פאַר אירע שווינדזיכטיקע לונגען.

אין אַ טריבן רעגנדיקן טאָג האָט זיך געשלעפּט אַן עגלה, און נאָך איר זיינען נאָכגעגאַנגען אַ מנין אַקטיאָרן, וועלכע האָבן געפירט צו איר אייביקער רו דאָס וואַרשעווער קינד, וועלכע האָט זיך דער־וואָרבן רום און רייכקייט אין דער וועלט, און איז געקומען צוריק צו דער היימישער ערד.

„פרימאָרגן", 30 נאָוועמבער 1928.

# דער אַדוואָקאַט

דער נאַר וואָס פאַרשטאָרבענער געוועזענער אַקטיאָר רודאָלף מאַרקס איז איבער 35 יאָר נישט געווען טעטיק אויף דער יידישער בינע, און דאָך איז ער נישט פאַרגעסן געוואָרן אין דער אַקטיאָרן-משפּחה, און אויך נישט ביים פּובליקום.

עס זיינען איצט פאַרהאַן זייער ווייניק לעבעדיקע שוישפּילער פון יענע, וואָס האָבן אָנגעהויבן שפּילן צוזאַמען מיט מאַרקסן.

עס איז אַ גאַנצע עפּאָכע, אַ פּעריאָד, כמעט די ערשטע צייט אין יידישן טעאַטער. די צייט, ווען מ'האָט געמאַכט דעם ערשטן פּרואוו אַרויסצופירן דאָס יידישע טעאַטער אין מערב-אייראָפּע, ווייל אין רוסלאַנד האָט די רעגירונג פאַרווערט צו שפּילן יידיש.

צו יענער עפּאָכע געהערן די גראַדנערס, יעקב פּ. אַדלער, אַבא שיינגאָלד און זיין פרוי, די קאַרפּס, אננא העלד — אַלע זיינען שוין מער נישטאָ אויף אונזער וועלט.

עס זיינען געווען נאָך איניקע צווישן יענע ערשטע פּיאָנערן, און רודאָלף מאַרקס איז געווען איינער פון זיי. ער איז געווען פאַרבונדן און פאַרקניפּט מיט די ערשטע יאָרן פון דער יידישער בינע, מיט די ערשטע גרונדלייגער און בויערס.

ווי אַזוי רודאָלף מאַרקס איז געקומען צו דער יידישער בינע, איז נישט באַוואוסט. עס איז אין ערגעץ נישט דערמאָנט, ווי אַזוי דער אָדעסער יונגערמאַן, וועלכער האָט געקענט גוט רוסיש און אויך ענגליש, און איז דערצויגן געוואָרן ביי אַ ראַדיקאַל-משכילישן פאָטער אין לאָנדאָן, איז דאָרטן געוואָרן אַ יידישער אַקטיאָר.

דער באַקאַנטער שוישפּילער מאַקס ראָזענטאַל, וועלכער איז גע-

ווען אַ נאָנטער, אינטימער פריינט פון רודאָלף מארקס, גערענקט איס אויך שוין אַלס אַקטיאָר.

ראָזענטאַל איז אַ ביסל יונגער פון זיין קאָלעגע. ווען ראָזענטאַל איז געקומען אין לאָנדאָן, האָט ער דאָרט געטראָפן שפּילן צוויי יידי־שע טעאַטער־טרופּעס, איינע מיט יעקב פּ. אַדלער אין דער שפּיץ, און איינע מיט ישראל גראַדנערן.ביידע טרופּעס האָבן אין קיין אמתדיק טעאַטער נישט געשפּילט. נישט עס איז געווען אַ פּובליקום פאַר אַ טעאַטער, נישט אַ טעאַטער וואָלט אריינגענומען אַ יידישע טרופּע, און נישט די טרופּע האָט געהאַט דעם מוט און דרייסטקייט צו וועלן שפּילן אין אַן אמתדיק טעאַטער. מען איז געווען צופרידן ווען מען האָט געשפּילט צוויי מאָל אַ וואָך, שבת און זונטאָג אָוונט, אין איינעם פון די פילע קלובן אין לאָנדאָן.

אין איינער פון דיזאָזיקע צוויי טרופּעס האָט געשפּילט אַן אַק־טיאָר מאַקס ראַדקינזאָן, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן „מאַקסל". אַלע אַקטיאָרן פלעגן קוקן מיט דרך־ארץ אויף דעם יונגן אַקטיאָרל, ווייל מ'האָט געוואוסט, אַז ער איז אַ „געבילדעטער". מען האָט גע־וואוסט, אַז ער האָט אַ טאַטן אַ תלמיד־חכם, אַ מאַן, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיטן איבערזעצן דעם „תלמוד" אויף ענגליש. מען האָט אויך געהאַלטן דעם יונגן ראַדקינזאָן פאַר אַ פּעאיק אַק־טיאָרל, פאַר איינעם, וואָס וועט זיך „אַרויפאַרבעטן". אָט דיזאָזיקע ד'ערוואַרטונגען זיינען באַלד דערפילט געוואָרן: ראַדקינזאָן איז אריין אין גראַדנערס טרופּע און איז דאָרט אויפגעטראָטן אין דער מעלאָ־דראַמע „משהלע סאָלדאַט" און האָט געמאַכט אַ פּוראָר.

פון דאַמאָלט אָן, דאָס איז געווען אין יאָר 1885, איז ראַדקינ־זאָן געוואָרן אַן אָנגעזעענער מיטגליד אין דער יידישער אַקטיאָרן־משפּחה אין לאָנדאָן.

איינע פון די וויכטיקסטע פּיעסעס פון דעם דאַמאָלטיקן זייער אָרימען יידישן רעפּערטואַר איז געווען די פּיעסע „דאָן יוסף אברבנאל" אין וועלכער עס האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט איינע פון די ערשטע יידישע אַקטריסעס, אַנעטאַ גראַדנער. זי פלעגט דאָרט שפּילן די ראָל פון „אַן אָפּיציר". איינמאָל, ווען די טרופּע איז, אָן די גראַד־נערס, געפאָרן שפּילן אין מאַנטשעסטער, האָט זי זיך דאָרט געפונען

אין אַ שווערער לאַגע. דער גאַנצער רעפּערטואַר, וואָס איז דאַמאָלט הויפּטזאַכלעך באַשטאַנען פון גאָלדפאַדענס פּיעסעס, איז שוין געווען אָפּגעשפּילט, און מען האָט געמוזט אויפפירן אַ נייע פּיעסע. דער גורל איז געפאַלן, אַז מען דאַרף דאָרט שפּילן די פּיעסע „דאָן יוסף אברבנאל", וועלכע האָט דאָרט געהאַט אַ גרויסן נאָמען פון לאָנדאָן.

ווי אַזוי שפּילט מען אָבער די פּיעסע אָן פרוי גראַדנער און אָן נאָטען?

דאָ איז מאַקס ראָזענטאַל געקומען צו הילף. ער האָט, אַלס מוזי־קאַלישער מענטש, אָנגעשריבן די עטלעכע מוזיק־נומערן און איינגע־שטודירט מיט ראַדקינזאָנען די ראָל פון „אָפיציר", טאַקע די זעלבע ראָל, אין וועלכע אַנעטאַ גראַדנער האָט זיך געקויפט אַזאַ נאָמען.

ראַדקינזאָן איז געווען פּאַסיק צו פאַרטרעטן אַ צאַרטע פרויען־אַקטריסע. ער איז געווען אַ נידריקער, אַ דאַרער, אַ צאַרטער, מיט אַ שיין, קלינגענדיק שטימעלע, אָט די זעלבע פיגור, וועלכע האָט אים געדינט פאַר דער ראָל, איז פיל שולדיק אין זיין אַוועקגיין פון דער בינע, אָבער וועגן דעם — שפּעטער.

ראַדקינזאָן האָט זייער אויסגענומען אין דער נייער ראָל, און ער איז פּשוט געווען אין זיבעטן הימל. ער איז געווען גליקלעך און האָט מיט באַגייסטערונג געזאָגט צו ראָזענטאַלן:

— איך וועל דיר דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ראָזענטאַל, און איך וועל דיר אַמאָל אָפּדינען.

אַזוי ווי געשפּילט האָבן די יידישע אַקטיאָרן נאָר צוויי מאָל אַ וואָך, פלעגן זיי אין די איבריקע אָוונטן באַזוכן דאָס ענגלישע טעאַטער.

געגאַנגען אין ענגלישן טעאַטער זיינען זיי ווי אמתע „טעאַטער־פּאַטריאָטן", פאַר 6 פּענים אויפן בוידעם, אויף דער גאַלעריע.

איינמאָל, בעת זיי האָבן באַזוכט אַזאַ פאָרשטעלונג אין לאָנדאָנער „פּאַוויליאָן"־טעאַטער, וואו מען האָט נאָך דאַמאָלט געשפּילט נאָר ענג־ליש, זיינען זיי געווען געוואַלטיק באַגייסטערט פון דער פּיעסע „די סטאָ־וועי", וועלכע מ'האָט געשפּילט. נאָכן דריטן אַקט רופט זיך אָן ראַד־קינזאָן צו ראָזענטאַלן:

— סעי*), דו וואָלסט געוואָלט שפּילן דעם סעילאָר**)? [די ריופּט ראָלע פון דער פּיעסע].

— אַוודאי וואלט איך געוואָלט, — האָט אים ראָזענטאַל געענט־פערט — אָבער ס'איז דאָך אַ גויישע פּיעסע.

ביז דאַמאָלט פלעגט מען איבערזעצונגען, און דערצו פון נישט־יידישן לעבן, זעלטן שפּילן.

— ביזט גערעכט, — זאָגט ראדקינזאָן, — אָבער מיר האָבן דאָך נישט קיין אָריגינעלע יידישע פּיעסעס. דאָס ביסל, וואָס מיר האָבן, האָבן מיר דאָך שוין אָפּגעשפּילט און קיינער קומט זיי נישט מער זען. עס איז אַ גוטע מעלאָדראַמע. איך האָב דיר צוגעזאָגט אָפּצודאַנקען, און איך וועל האַלטן וואָרט.

ראדקינזאָן האָט נאָכאַמאָל באַזוכט אַ פאָרשטעלונג פון דער פּיע־סע, און אין אַ חודש אַרום האָט ער געבראַכט ראָזענטאַלן אַ יידישע איבערזעצונג פון דער פּיעסע, אַן איבערזעצונג, וועלכע ער האָט גע־מאַכט פון קאָפּ, פון זען די פּיעסע שפּילן צוויי מאָל אויף דער בינע.

די פּיעסע האָט זיך אויף יידיש גערופן „דער סעילאָר אין געפאַר", און אַמאָל „דער יתום אין געפאַר".

האָט ראדקינזאָן געקענט איבערזעצן? האָט ער געקענט גוט יידיש? ניין, ער האָט נישט געקענט גענוג יידיש, און העברעאיש האָט ער גאָרנישט געקענט.

ראָזענטאַל דערציילט מיט אַ שמייכל וועגן אַ געוויסן אויסדרוק, וועלכן ראדקינזאָן האָט געניי, קאָרעקט, איבערזעצט.

אין ענגלישן איז פאַרהאַן אַזאַ זאַץ: „אי קען דו וויטה דהי גלעס אוו ביר", וואָס אויף פּראָסט יידיש וואָלט עס געהייסן: „מהיכא תיתא, זאָל זיין אַ גלעזל ביר". ראדקינזאָן האָט עס אָבער איבערגעזעצט וואָרט אין וואָרט: „איך קאָן טאָן מיט אַ גלעזל ביר".

אָבער די פּיעסע מיטן שלעכטן יידיש האָט געהאַט אַ גרויסן דער־פאָלג. זי האָט געהאַט אַ שטאַרקן סוזשעט און אייניקע גוטע ראָלן. ראָזענטאַל האָט געשפּילט דעם „סעילאָר", אָבער ראדקינזאָן האָט זיך

*)זאָגט נאָר. **) מאַטראָז.

אָפּגעקליבן דריי קליינע ראָלעכלעך, דריי כאַראַקטערן, ווייט איינער פון אַנדערן: „רענטשיק", „שרייער" און „וויליאַם דער ניוס־באָי", און אין אַלע דריי ראָלן האָט ער געהאַט דערפאָלג.

דער דערפאָלג האָט ראַדקינזאָנען צוגעגעבן מוט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַזעלכע מעלאָדראַמעס קאָנען האָבן דערפאָלג. און אַ צווייט מאָל, ווען ער האָט מיט ראָזענטאַלן באַזוכט דאָס ענגלישע טעאַטער און דאָרט געזען דעם דאַמאָלטיקן באַרימטן ענגלישן אַקטיאָר ווילסאָן באַרעט שפּילן די מעלאָדראַמע „דער זילבער־קעניג", האָט ער גערן איינגעשטימט צו ראָזענטאַלס פאַרלאַנג איבערצוזעצן פאַר אים די פּיעסע.

— דאָ האָסטו מיין האַנט, אַז אין זעקס וואָכן אַרום וועסטו שפּילן דעם „זילבער־קעניג", — האָט ער געזאָגט צו ראָזענטאַלן.

עס האָט נישט געדויערט קיין חודש, און ראַדקינזאָן האָט געבראַכט אַ יידישע איבערזעצונג פון דער פּיעסע, און ווידער אויפן זעלבן אופן: פון קאָפּ. געזען די פּיעסע אייניקע מאָל שפּילן און זי איבערגעשריבן פון אויסנווייניק, און עס האָט קיין האָר נישט געפעלט: אַלע סצענעס, אַלע מאָנאָלאָגן, מיט אַלע איינצלהייטן.

איבעריקנס, דאָס איבערשרייבן פּיעסעס פון אויסנווייניק איז אין יידישן טעאַטער אָנגעגאַנגען אויך פיל שפּעטער. אַזוי האָט מען פאַר קלמן יאָוועלירן איבערגעשריבן גאָלדפאַדענס „עקדת יצחק". און אַזוי האָט איזידאָר האָלענדער איבערגעשריבן צוזאַמען מיט נייטען גאָלדבערג שילערס „רויבער", וואָס איז דערנאָך געשפּילט געוואָרן אַלס „די רויבער פון שילער", פאַרפאַסט פון איזידאָר האָלענדער און נייטען גאָלדבערג...

„דער זילבער קעניג" איז צוערשט מיט אַ גרויסן דערפאָלג געשפּילט געוואָרן אין מאַנטשעסטער און דערנאָך אין לאָנדאָן. אין דער פּיעסע האָט ראַדקינזאָן געשפּילט אַן ערנסטע ראָל פון אַן אינטריגאַנט.

דערווייל האָבן זיך די צוויי קאָלעגעס, ראָזענטאַל און ראַדקינזאָן, צעשיידט. ראָזענטאַל איז געפאָרן קיין פּאַריז און ראַדקינזאָן האָט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

אין אַמעריקע איז ער שוין געקומען אַלס אַ פּאַרטיקער אַקטיאָר. אין קעגנזאַץ צו די אַנדערע יידישע אַקטיאָרן, וועלכע מען האָט אַהין

געבראכט, איז ער אליין געקומען. ער איז געווען זיכער אין זיך, און ווען ער טרעט אויף אין ניו־יארק, אין „רומעניע אפערע־טעאטער" (ארום יאר 1888) אין „משהלע סאלדאט", האט ער טאקע א גרויסן דערפאלג. און האבן דאמאלט א גרויסן דערפאלג איז נישט געווען לייכט, ווארום אין דער טרופע זיינען דאמאלט געווען נישט קיין אנדערע, ווי מאגולעסקא, פיינמאן, קעסלער, ליפצין, קארפ און פרוי, אבא שיינגאלד און פרוי, בינע און מענדעלע אבראמאוויטש, לעאן בלאנק, דער אלטער וויינבלאט מיט זיין מיידעלע סאבינא, נאר ראד־קינזאן האט זיך דאך באלד קונה שם געווען אלס גוטער שוישפילער.

אבער עס איז א ביסל נישט ריכטיק צו זאגן, אז ראדקינזאן האט אין אמעריקע געהאט דערפאלג אויף דער בינע.

אויף דער יידישער בינע אין אמעריקע האט קיינמאל קיין ראד־קינזאן נישט געשפילט. דא איז פון מאקס ראדקינזאן געווארן „רודאלף מארקס".

די סיבה, פארוואס ראדקינזאן האט דא זיין נאמען געביטן, איז נישט באוואוסט. איבריקנס, האבן דאך דאס געטאן א גרויסער טייל פון די אימיגראנטן, וועלכע האבן זיך איינמאל פאר אלע מאל צעשיידט מיט זייער אלטער היים און, ביי דער געלעגנהייט, אויך מיט זייער אלטן נאמען.

מאקס ראזענטאל גלויבט, אז ראדקינזאן האט עס געטאן מיט א געוויסער כונה. ער האט נישט געלעבט בשלום מיט זיין פאטער, וועל־כער האט גענומען א צווייטע פרוי, און ער האט זיך אפגעזאגט פון זיין פאטערס פאמיליע־נאמען. אייגנטלעך האט זיין פאטער אויך געהייסן אנדערש, און ער האט דעם פאמיליע־נאמען ראדקינזאן שפעטער אנ־גענומען.

עס קומט אלזא אויס, אז יעדער פון די דריי דורות האט געביטן זיין נאמען. דער זיידע האט אנדערש געהייסן, דער טאטע אנדערש, און דער זון — ווידער אנדערש.

נאך „משהלע סאלדאט" האט רודאלף מארקס אויפגעפירט זיין אדאפטירונג פון דעם „יתום אין געפאר". דערביי האט דוד קעסלער געשפילט דעם „סעילאר" און מארקס האט ווידער געשפילט זיינע דריי קליינע ראלן.

אזוי ווי דאָס איז געווען די ערשטע פּיעסע פון נישט-יידישן לעבן, וואָס איז דאַמאָלט געשפּילט געוואָרן אויף דער יידישער בינע אין אַמעריקע, האָט די פּיעסע געהאַט אַ טומלדיקן דערפאָלג.

די טרופּע איז דאַן אַריבער אין פּולס-טעאַטער, וואו מאַרקס איז אויפגעטראָטן אין אַן ערנסטער פּאָטער-ראָל אין דער פּיעסע „כבוד אָב" און ווידער געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג.

וועגן דער סצענע, אין וועלכער ער שטאַרבט אויף דער בינע, פלעגט מען ריידן ווי וועגן איינס פון די גרעסטע קינסטלערישע אויפטוען.

שפּעטער האָט מאַרקס געהאַט אַ „צוזאַמענטרעפעניש" מיט מאַגולעסקאָן . מען האָט געשפּילט די קאָמעדיע „די גרינהאָרנס". מאַגולעסקאָ האָט אין דער ערשטער צייט געשפּילט די ראָל „מאָנקע דזשאָ". עס איז אַ ראָל, אין וועלכער עס פאָדערט זיך צו ריידן אַ ביסל ענגליש. מאָגולעסקאָ איז טאַקע געווען אַ גאַנצער „אַמעריקאַנער". ער איז נאָך פריער געפאָרן קיין אייראָפּע און פון דאָרט געבראַכט אַ טרופּע קיין אַמעריקע און מיט זיי גערעדט „ענגליש", אָבער זיין „ענגליש" איז דאַמאָלט געווען גוט פאַר די, וואָס ווייסן נישט, ווי מען זאָגט „בין ארור המן וברוך מרדכי". דאָ האָט מען געדאַרפט ריכטיק ריידן ענגליש און דאָס האָט מאָגולעסקאָ נישט געיכולט. מאַרקס, אַלס לאָנדאָנער, האָט אָבער יאָ געקענט, און ער האָט דעריבער איבערגענומען די ראָל „מאָנקע דזשאָ" און, ווי מ'זאָגט אויפן אַקטיאָרישן לשון, אין איר „גוט געמאַכט".

דערנאָך האָט מאַרקס אַדאָפּטירט נאָך אַן ענגלישע מעלאָדראַמע און זי אויפגעפירט אונטערן נאָמען „חיים אין אַמעריקע". אין דער-דאָזיקער פּיעסע האָט ער געשפּילט אַ ראָל, וועלכע האָט אָפּגעשטעמפּלט זיין צוקונפט. די ראָל האָט געהייסן „לאָיער הערי העריסאָן". זינט ער האָט געשפּילט די ראָל, האָט ער זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז ער מוז ווערן אַ לאָיער.

די, וואָס האָבן געקענט זיין אַמביציעזע נאַטור, און וואָס האָבן געוואוסט וואָס פאַר אַ גוטן קאָפּ ער האָט, האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער מיינט דאָס ערנסט און אַז ער וועט זיינס אויספירן. אָבער עס רעדט זיך פאָרט לייכטער ווי עס טוט זיך.

אוועקוואַרפן די בינע ביי אַזאַ גוטן נאָמען, ביי דערפאָלג, ביי גוטע אויסזיכטן אויף דער צוקונפט, און נעמען זיך שטודירן מיט אויס־זיכטן אויף עולם־הבא?!

מאַרקס האָט גענומען שטודירן, אָבער די בינע האָט ער נישט פאַרלאָזן. ער האָט נאָך, מיט אַ גרויסן דערפאָלג, געשפּילט אין לאַטיי־נערס פּיעסעס „יהודית און הולפרנס" („דער מופּטי"), „דניאל אין לייבנגרוב" („ארתשתרה"), דערנאָך האָט ער ווידער אַדאַפּטירט אַ מע־לאָדראַמע און זי מיט דערפאָלג אויפגעפירט אונטערן נאָמען „דער בוי־ערי טרעמפּ, אָדער, דער הויפּט־טרעפער".

אָבער דאַמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן זיין אַנטוישונג אין דער בינע. געשטערעבט האָט רודאָלף מאַרקס צו זיין אַ דראַמאַטישער ערנס־טער אַקטיאָר, נאָר זיין פיגור האָט אים דערצו געשטערט. אַלע דראַ־מאַטישע אַקטיאָרן אין אַמעריקע: אַדלער, קעסלער, פיינמאַן — האָבן געהאַט פּאַסיקע פיגורן. עס איז אים, אַלזאָ, געבליבן צו שפּילן כאַראַק־טער־ראָלן. און כאָטש ער האָט אויך אין זיי געהאַט דערפאָלג, איז אָבער מאָגולעסקאָ אַלץ געווען גרעסער פון אים און פּאָפּולערער.

און רודאָלף מאַרקס האָט געוואָלט זיין אָריגינעל. די בינע האָט דעריבער פאַר אים פאַרלוירן איר רייץ.

ער האָט נאָך געשפּילט אין לאַטיינערס „פאַרבלאָנדזשעטע נשמה" און זיך באַליבט געמאַכט אַלס „שמואליקל" מיט זיין פּאַרטנערין סאַ־בינאַ וויינבלאַט, וועלכע איז פון קינדער־ראָלן דאַמאָלט, צוליבן טויט פון דער סוברעטין שיינגאָלד, אַריבער צו סוברעטין־ראָלן. דערנאָך איז מאַרקס ווידער אויפגעטראָטן אין אַן ערנסטער ראָל, אַלס „בערעלע שניץ" אין לאַטיינערס דערפאָלגרייכער פּיעסע „בלימעלע", דאַן ווידער אין אַ קאָמישער ראָל צוזאַמען מיט בעסי טאָמאַשעווסקי אין לאַטיינערס „קדוש השם, אָדער, דער יידישער מיניסטער".

מאַרקס האָט אויך אַביסל געשפּילט אויף דער פּראָווינץ, אין באָסטאָן און אין פילאַדעלפיע, האָט זיך צוריקגעקערט אין ניו־יאָרק, האָט דאָ ווידער אויפגעפירט אייניקע פון זיינע אַדאַפּטירטע פּיעסעס, פון וועלכן עס האָט אַ באַזונדערן דערפאָלג געהאַט „פּערעלע, אָדער, פאַרלוירן אין ניו־יאָרק".

די פּיעסע איז אויפגעפירט געוואָרן אין יאָר 1896, און קורץ נאָכדעם האָט מאַרקס פאַרלאָזן די יידישע בינע.

ער איז נישט, ווי אַנדערע, אַריבער צו דער ענגלישער בינע. ער איז אַריבער אין אַן אַנדערער וועלט—אין דער וועלט פון שטודיום. ער האָט גענומען ערנסט אויספירן זיין חלום וועגן ווערן אַן אַדוואָקאַט.

קיין גביר איז רודאָלף מאַרקס נישט געווען, האָט ער אַ טייל פון זיין שטודיום געמאַכט אויפן חשבון פון בענעפיסן, וועלכע ער פלעגט פון צייט צו צייט איינאָרדנען, און אויך וועלכע ער פלעגט שפּילן.

באַלד אָבער נאָכדעם, ווי ער האָט געענדיקט אַלס אַדוואָקאַט און אָנגעהויבן פּראַקטיצירן, האָט ער פולשטענדיק איבערגעריסן מיטן יידישן טעאַטער.

פולשטענדיק?

נו, יאָ, ביי זעלטענע געלעגנהייטן פלעגט ער אַרויסטרעטן אויף דער בינע. אַזוי האָט ער געטאָן אויף אַ בענעפיס פאַר דער אלמנה מאַ־גולעסקאָ, פאַרן אַקטיאָר־פּיאָנער זילבערמאַן און פאַר אַנדערע וואויל־טעטיקע צוועקן.

פון אַ יידישן אַקטיאָר איז רודאָלף מאַרקס געוואָרן אַ באַזוכער פון יידישן טעאַטער און אַפילו אַ זעלטענער באַזוכער.

ס'האָט געהייסן, אַז ער האָט מער נישט קיין אינטערעס פאַר דער יידישער בינע. דאָס איז געווען די פאַרשפּרייטע מיינונג.

אָבער וואָס מען ווייסט נישט איז, אַז נאָך מיט צוויי יאָר צוריק האָט רודאָלף מאַרקס פאַרהאַנדלט מיט זיין יוגנט־קאָלעגע מאַקס ראָ־זענטאַל וועגן ווערן אַ מענעדזשער פון יידישן טעאַטער, און ער האָט געבעטן ראָזענטאַלן אַרויפקומען צו אים, כדי אויסצוהערן אייניקע נייע פּיעסעס, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן פאַרן יידישן טעאַטער.

יאָ, ער איז געוואָרן אַן אַדוואָקאַט, אָבער זיין נשמה איז געבליבן אַן אַקטיאָרישע...

„פּאָרווערטס", 8 מאַי 1930.

# אַרבעט

.1

פון די איבער טויזנט יידישע אַקטיאָרן, וועלכע שפּילן אויף גאָטס וועלט אויף די יידישע בינע־ברעטלעך, האָבן אין אונזער צייט נאָר צוויי זוכה געווען, אַז זייער נאָמען זאָל נישט אײַנגעמויערט ווערן אין די ד׳ אמות פון די לענדער, אין וועלכע דער שיקזאַל האָט זיי באַשטימט צו שפּילן.

די צוויי זײַנען — די פאָרשטייער פון די עקסטרעמיסטן אין דער בינע־קונסט: פון דער מוזיקאַלישער קאָמעדיע־אָפּערעטע און פון דער ריינער ערנסטער (אַמאָל גערופענער: ליטעראַרישער) דראַמע — מאָלי פּיקאָן און מאָריס שוואַרץ.

ביידע האָבן אַפילו אַרויפגעשטעלט זייער פוס אויף די יידישע בינעס אין פאַרשידענע לענדער, אָבער זיי האָבן אומעטום ( אַ חוץ אין אַמעריקע) נאָר אַ שיין געטון ווי אַ בליץ, און באַלד פאַרשוואונדן, און דאָך איז דער אָפּגלאַנץ פון דעם בליץ געבליבן העל לויכטן ביז צום היינטיקן טאָג, יאָרן שוין נאָך זייער דערשיינען. זייער גוטער נאָמען גייט זיי פאָראויס אַפילו אין אַזעלכע לענדער, וואו זיי זײַנען נאָך קיינמאָל נישט געווען. און דערביי דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז דער גוטער נאָמען פון אַן אַקטיאָר אין אַן אָרט, וואו ער איז נאָך נישט געווען, איז פאַרבונדן מיט קרעדיט, מיט גלויבן אויפן וואָרט.

דער שוישפּילער איז פּונקט דער היפּך פון שרייבער. דער לעצטער קאָן (און דאַרף אָפּט) זיצן ערגעץ וואו, און זיין בוך גייט אים פאָראויס. דאָס זעלבע אויך מיט אַנדערע קינסטלער. פּונקט פאַרקערט איז אָבער

מיטן אַקטיאָר. ער איז דער פּראָדוצירער פון זיין קונסט און דער פּראָדוקט גופא. מען דאַרף דעריבער פאַרמאָגן אין זיך אַ באַזונדערס גרויסע קראַפט, אַ גרויס ליכט, וואָס זאָל פון זיך אַזוי אַרויסשטראַלן, אַז מען זאָל עס זען פון מרחקים.

אָט אַזעלכע בינע־כוחות זיינען טאַקע די צוויי אויבנדערמאָנטע, יעדער אויף זיין פעלד. און דאָס דערקלערט דעם אומשטאַנד, וואָס זייערע נעמען זיינען אַפילו פּאָפּולער ביי יענעם טעאַטער־עולם, וואָס האָט זיי קיינמאָל נישט געזען שפּילן.

מאָרים שוואַרץ, אָדער ווי די אַקטיאָרן, וועלכע זיינען מיט אים אויפגעצויגן געוואָרן, האָבן, צוליב קנאה, אים ליב צו רופן — משה שוואַרץ, איז אין דעם עלטער, ווען אַקטיאָרן פון אָפּערעטעס־טעאַטער הויבן שוין אָן צו פאַרלייקענען זייערע יאָרן, אָבער ער איז גראָד ווי צוגעפּאַסט פאַר דעם אַמפּלואַ, וועלכן ער פאַרקערפּערט אויף דער בינע.

די יידישע קריטיק וויל בשום אופן נישט זען שוואַרצס נאַטירלעך, שיין, מענעריש פּנים. די הויכע, גלייכע פיגור, די גרויסע דורכדרינגנדע און אַריינדרינגענדע אויגן און די אָדלער־נאָז. מען האָט אים פאַרשריגן אַלס אַ „באָרד״־אַקטיאָר און די פינף קריטיקער פון דער ניו־יאָרקער טעגלעכער יידישער פּרעסע האָבן אַ חרם געלייגט אויף שוואַרצס ליכטיק ראַזירט פּנים.

ערשט די שפּאַנישע פּרעסע אין אַרגענטינע האָט געמוזט מאַכן די אַנטדעקונג, אַז „אָסוואַלד״ אין איבסענס „גייסטער״ איז פונקט אַזוי פאַר שוואַרצן דעם קינסטלער, ווי „טוביה דער מילכיקער״, וואָס האָט אַזוי נושא חן געווען אין ניו־יאָרק, אַז שוואַרץ איז שיער נישט געוואָרן אַ סינאָנים פון „טוביה״.

געווים איז שוואַרץ טיפער און אָריגינעלער אין „טוביהן״ און אין ענלעכע ראָלן. ער איז דאָ היימישער. ער לאָדנט דאָ אויס דעם ים פון איינדרוקן, וועלכע ער האָט איינגעזאַפּט און אָנגעזאַמלט אין זיך אין דעם וואָלינער שטעטל סודליקאָוו, וואו ער איז געבוירן געוואָרן מיט 43 יאָר צוריק, וואו ער האָט 12 יאָר צייט געזען פאַר זיך אָט די אַלע אַרבעטס־און לופט־יידן, וועלכע ער האָט מיט יאָרן שפּעטער צוריק איבערגעפּאָרמירט אין די פּיעסעס פון שלום־עליכם, אַש, הירשביין,

לייוויק א. אַ. ער איז אויסדרוקספולער און דורכגעטראַכטער אין די עכט־יידישע ראָלן! שוין דערפאַר, ווייל אין זיי איז ער אָריגינעלער און האָט נישט קיינעם געזען אין זיי און ווייסט אויך, אַז אויף זיי וועט דער יידישער טעאַטער־עולם מער אַכט לייגן.

אָבער אָפּלייקענען שוואַרצן אין די נישט־יידישע ראָלן איז אַן עולה.

איך האָב שוואַרצן נישט געזען אין שאום „פרוי ווארענס פראָ־פעסיע”, אין לאָפּע דע וועגאַס „דער גערטנער און דער הונט”, מיט וועלכע ער האָט געהאַט צו קאָנקורירן קעגן אַנדערע ניט־יידישע שוי־שפּילער. איך האָב אים אָבער געזען אין אַזעלכע נישט־יידישע ראָלן ווי דער נאָרוועגער „אָסוואַלד” אין איבסענס „גייסטער”, דער רוס „לוקאַ” אין גאָרקיס „אויפן אָפּגרונט”, דער ווענעציאַנער „יאגאָ” אין שעקספּירס „אָטעלאָ”, און כאָטש איך האָב פריער געזען אַנדערע גרויסע איראָפּעאישע שוישפּילער אין דידאָזיקע ראָלן, קאָן מען פּאָרט אין געוויסע שטעלן פון יעדער פון דידאָזיקע ראָלן אַרויסזען דעם גרויסן שוישפּילערישן טאַלאַנט פון מאָרים שוואַרצן.

מאָרים שוואַרצס בינע־קאַריערע דאַרף איינגעטיילט ווערן אין 3 פּעריאָדן: אין דער צייט פון זיין פריער יוגנט, ווען ער האָט אין זיך דערפילט דעם ניצוץ פון אַן אַקטיאָר, ווען ער האָט זיך, אַ בחור פון 15 יאָר, אָנגעהויבן באַטייליקן אין ליבהאָבער־קרייזן און געשפּילט ציללאָז; אין דער צייט, ווען ער האָט עטלעכע יאָר געשפּילט אויף דער פּראָפעסיאָנעלער בינע און געזען פאַר זיך ווי לייכטורמס די גדולים פון יענער צייט: יעקב פּ. אַדלער און דוד קעסלער און מגולגל געוואָרן אין זייערע נאָכמאַכערס; און אין לעצטן פּעריאָד, ווען ער איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק — דער איצטיקער מאָרים שוואַרץ, וואָס שאַפט אָרי־גינעל און ווערט אַ וועגווייזער פאַר אַנדערע.

געווים גנבענען זיך אַריין טיילמאָל אַפילו בלויז אויף מינוטן, אין איצטיקן שוואַרץ, פונקן פון אַמאָליקן. טיילמאָל טרעפט עס, אַז ער צעשווימט ברעגלאָז אין אַ ראָל, אַזוי ווי אַמאָל אין די בחורישע יאָרן. טיילמאָל ווידער זעט מען פאַר זיך אַ „דיבוק” פון אַדלערן אָדער קעס־לערן, אָבער דאָס זיינען נאָר ווי שטיקלעך זאַמד, וואָס שלעפּן זיך נאָך מיטן גאָלד, שטיקלעך, וועלכע ווערן זייער לייכט באַזייטיקט.

איך ווייס, אַז ביים אַלטן דור אַקטיאָרן און טעאַטער-עולם וועלן מיינע ווערטער קלינגען ווי אַפּיקורסות, אָבער מיטן פולן באַוואוסטזיין האַלט איך, אַז מאָריס שוואַרץ איז דער גרעסטער דראַמאַטישער אַק-טיאָר, וועלכן מיר האָבן ווען אַמאָל געהאַט אויף דער יידישער בינע. איך ווייס, אַז חסידים וועלן געבן אַ קלאַפּ אין טיש און אויסרופן: „יעמוד אַדלער", „יעמוד קעסלער!", אָבער מען פאַרגעסט איין זאַך, אַז ביידע האָבן זיי געהאַט דעם דראַמאַטורג, וועלכער האָט זיי געגעבן דעם פאַרטיקן טיפּ. יעקב גאָרדין, וועלכער האָט זיי באַרימט געמאַכט, האָט זיי געגעבן אויסגעגאָסענע פורעמס, וועלכע זיי האָבן בלויז גע-דאַרפט אָנפולן. די ראָלן, וועלכע האָבן גאָרדינס אַקטיאָרן אַזוי באַרימט געמאַכט, זיינען געווען לכל הפחות שותפותדיקע מיט דעם מחבר.

אַנדערש איז מיט שוואַרצן.

ער איז פולער שעפער פון זיינע ראָלן. יעדער ראָל איז דורך אים נישט נאָר אויפגעהאָדעוועט געוואָרן, נאָר אויך געבוירן געוואָרן. ער האָט זיך פּאָפּולער און באַרימט געמאַכט נאָר אויף זיין אייגענעם חשבון, און נאָך אַ זאַך. אַדלער האָט באַקומען אַ פאַרטיקע פּיעסע, לייענט מען איבער גאָרדינס אַ פּיעסע און זעט מען זי שפּילן לויטן נוסח פון אַדלערן, ווערט ערשט קלאָר, אַז אַדלער האָט מיט די אַקטיאָרן געלערנט ווי אַ דרדקי מלמד אַלף-בית, קיין שוואונג — עברי. קעסלער האָט גאָרנישט געוואוסט פון אַזאַ ענין ווי רעזשי, ער האָט נאָר געטראַכט וועגן זיך און וועגן דער רעפּליק פון זיין פאַרטנער. ערשט שוואַרץ האָט אַרויפגע-בראַכט אויף דער יידישער בינע אין אַמעריקע די „רעזשי". ערשט ער האָט אָנגעהויבן צו לערנען גמרא מיט די אַקטיאָרן — די שאַפונג פון טעאַטער-קונסט: די קאָמונע פון טעקסט, שפּיל, ליכט, קאָסטיום, דעקאָ-ראַציע און מוזיק.

.2

אין דער יידישער וועלט שאַצט מען מאָריס שוואַרצן נישט נאָר אַלס אַן עושר אין טאַלאַנט, נאָר אויך אַלס גביר אין אָנקל סעמס באַנק-נאָטן. ווען מען שטעלט צונויף די מאָגערע, קוים מנינדיקע (שוין מיט

די נשים) ליסטע פון אונזערע פארמענגלעכע אקטיארן, פעלט דארט אויך נישט מאַרים שווארצס נאָמען.

דער חשבון איז א פשוטער: שוין באלד 15 יאָר, ווי ער שפילט טעאַטער אָן כאַרן, אָן אָרקעסטער און אָן אַקטיאָרן מיט סטאר־שכירות, היינט, וואו איז דאָס געלט? מסתמא ליגט עס ערגעץ וואו אין א באַנק אויף שווארצס אייגענעם נאָמען אָדער אויף איינעם פון זיינע פסעוו־דאָנימען.

טענהט אָבער שווארץ, אז אויף זיינע פסעוודאָנימען האָט ער פּיעסעס און אויף זיין אייגענעם נאָמען האָט ער חובות. זיינע חובות טיילט ער איין אין 3 מינים: אין נומער איינס, וואָס ער קומט די אַק־טיאָרן. יעדער אקטיאָר, וואָס טרעט אריין אין שווארצס טרופּע, ווייסט שוין פון געזעץ, אז ביז צום סוף פון סעזאָן וועט „עפּעס" אויספעלן צו זיינע פולע שכירות, און צום סוף פון סעזאָן וועט ער האָבן א טוי־טע באַנק־קאָנטאָ אין דער פירמע „מאַרים שווארצס יידיש קונסט־טעאַטער". אין נומער צוויי — שווארץ אליין, ער אליין נעמט מער ראָלן ווי שכירות. זיינע שכירות זיינען ווי להבדיל אין דער תורה א כתיב מיט א קרי. אָנגעשריבן איז טאקע, אז ער דארף יעדע וואָך נעמען אזוי פיל און אזוי פיל פאר זיין שפּילן און רעזשיסירן, אָבער ווען עס קומט צום צאָלן גייען די ציפערן אין דער פארקערטער ריכטונג פון א טעקסי — וואָס אמאָל אראָפּ־צו. אין נומער דריי — די פאמיליע שווארץ און סתם טעאַטער־ליבהאָבער. שווארץ האָט א שוואָגער אָדער עטלעכע שוואָגערס, זיינען זיי מלאכים, אויב זיי האָבן אים נאָך נישט געקרייציקט ווי יעזוסן, וואָרום אזוי ווי שווארץ דערוויסט זיך נאָר, אז עס זאמלט זיך עפּעס ביי זיי אויף אביסל געלט, קומט ער מיט א פאר־טיקן פלאַן, ווי אזוי ער קאָן זיך און זיי גליקלעך מאכן, טאקע דורך זיין טעאַטער, אויב זיי וועלן אים אוועקגעבן דאָס ביסל מזומנים. און זיי גיבן. ער האָט אין זיך א מאָדנע קראפט זיי צו מאכן גלויבן אין זיין מנחם־מענדעליסטישן קוק אויף טעאַטער־ביזנעס. אָט דער נס געשעט אויך מיט אלע זיינע אָנהענגער און פארערער, וועמענס טשעקן קאָנען גלאַטיק דורכגיין א באַנק. ער באָרגט און זיי גיבן.

און די לעצטע שורה איז, אז שווארצס ווייבל טראָגט א מאנטל,

וועלכער בעט זיך רחמים צו פייערן א יובילײ און שוואַרץ כאַפּט זיך
אַריין פון צייט צו צייט צו די גוים אָפּצודאַוונען א מעריב, כדי פון
דאָרט צו ברענגען אַביסל געלט צו געבן על חשבון איינעם פון זיינע
בעלי־חובות.

וואו זשע קומען פאָרט אַהין די דאָלאַרס, וואָס יידן ברענגען
צו דער קאַסע (און די לעצטע יאָרן האָט דאָס יידישע קונסט־טעאַטער
די בעסטע מזומן־קונים ביי דער קאַסע)? — א תירוץ קאָנט איר לייכט
געפינען, ווען איר וועט געבן א וויקל אויף די מגילה פון פּיעסעס,
וועלכע שוואַרץ האָט אויפגעפירט אין משך פון אָנפירן מיטן יידישן
קונסט־טעאַטער און ווען איר וועט אָן דער הילף פון א קאָנטראָלער,
איבעררעכענען, וויפיל שוואַרץ באַצאָלט פאַר בינע־אַרבעטער, פאַר
ליכט, פאַר דעקאָראַציעס און פאַר קאָסטיומען און דער עיקר פאַר אי-
בערשעהן פון די בינע־אַרבעטער.

ווען שוואַרץ גופא זאָל נעמען באַצאָלט פאַר די איבערשעהן, וואָס
ער אַרבעט אין זיין טעאַטער, וואָלט ער דערפון אַליין געקאָנט מאַכן
א שיין לעבן. אין הלכות אַרבעטס־שעהן איז ער דער רעאַקציאָנערסטער
שוואַרצלינג. ער האַלט נאָך אין דער צייט פון מאָרים ראָזענפעלדס
„איך האָב א קליין יינגעלע״...

איך וואָלט נישט גאַראַנטירט, אַז אין הלכות צניעות איז שוואַרץ
אָפּגעהיטענער פון אַלע אַנדערע, נאָר אויב ער באַווייזט נאָך אַמאָל
אַוועקצוגנבענען א ביסל צייט פאַרן יצר הרע, איז ער טאַקע א גרויסער
מייסטער. און אַפילו זיין אייגענע אשה מעג, אַלס אויסדרוק פון אָנער-
קענונג, אַוועקקוקן דערויף, וואָרום אויב א מענטש קאָן אין משך פון
א שבת און זונטאָג, ווען ער שפּילט צו צוויי מאָל יעדן טאָג (און
שוואַרץ זשאַלעוועט זיך נישט קיין גרויסע ראָלן), באַוויזן איבערצו-
לייענען א נייע פּיעסע, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געלייענט, און
זי איבערשרייבן סצעניש פון אָנהויב ביזן סוף, ווי ער האָט געטאָן מיט
מאַלעכס „מויד פון לודמיר״, איז עס נאָך א באַווייז פאַר איינשטיינס
טעאָריע, אַז נישט ביי יעדן איז צייט די זעלבע צייט.

און אויב אָן אַרבעטס־פּראָגראַם דאַרף באַשטיין פון שפּילן שבת
נאָכמיטאָג א פאָרשטעלונג, דערנאָך האַלטן א לעקציע פאַר די סטאַ-

ניסטן אין אָוונט ווידער שפּילן, דערנאָך צוגיין צו א סאָסייטי*) (א גו־טער ברודער האָט גענומען דאָס וואָרט אין א שוואכער מינוט) און דאָרט לייענען אַן אַקט פון פּרצס „גאָלדענע קייט", אהיימגיין און לייע־נען א פּיעסע אָדער א ראָמאַן, פון וועלכן ער זאָל אַליין מאכן א פּיעסע. זונטאָג אין דער פרי קומען אין טעאַטער זיך באַטייליקן אין א „פרי־מאָרגן", דערנאָך זינגען אויף דער ראַדיאָ און נאָכדעם ווידער שפּילן צוויי פאָרשטעלונגען, ביינאַכט איינטענהן מיט די אַקטיאָרן, פאַרוואָס זיי האָבן באַקומען אויסגעצאָלט האַלבע שכירות, און צומאָרגנס, מאָנ־טאָג אין דער פרי, איבעררייסן די פּרובע און אַוועקגיין אין אָפּיס פון דער אַקטיאָרן־יוניאָן און זיך פאַרענטפערן פאַר דער עקזעקוטיווע פון די אַקטיאָרן, און דרך־אגב געדענקען, אַז מען דאַרף זיך אריינכאַפּן צו אַן אַדוואָקאַט וועגן עפּעס א דריי טאָן מיטן באַזיצער פון טעאַטער וועגן נישט צאָלן דירה־געלט. אויב דאָס אַלץ געהערט צום אַר־בעטס־פּראָגראַם פון איין מענטש, איז קיין וואונדער נישט, וואָס מען האָט שוין שווארצן געטראָפן שלאָפן אין טעאַטער ממש אויף דער בינע, צוגעדעקט מיט א שטיק דעקאָראַציע.

אוודאי איז עס א טייערער בינע־עפעקט, אָבער נאָר דאַמאָלט, ווען מען שפּילט עס און מען ווייזט עס פאַר 2500 יידן, וועלכע האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט בילעטן, אפילו בענעפיס־טיקעטס, אָבער נישט, ווען דאָס בילד זעען בלויז די בינע־אַרבעטער, וועלכע קומען אין דער פרי אַוועקצושטעלן דעקאָראַציעס אויף פּרובע פון א נייער פּיעסע, טאָקע אונטער שווארצס רעזשי.

שווארץ האָט אויך אומדירעקט די הענעמאָניע איבער דער עקאָ־נאָמישער זייט פון יידישן טעאַטער. כמעט קיין שום יידיש טעאַטער האָט אין משך פון סעזאָן נישט אַזוי פיל רעצענזיעס און אַרטיקלען ווי שווארץ וועגן זיינע אויפפירונגען, אָבער עס איז נישטאָ נאָך איין טעאַ־טער, וואָס זאָל אין משך פון סעזאָן האָבן אַזוי פיל דערקלערונגען און בריוו אין רעדאַקציעס וועגן די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון יידישן טעאַטער, אַלס רעזולטאַט פון מחלוקות מיט די אַקטיאָרן. שווארצס

*) חברה

בריוו און די בריוו קעגן אים זיינען אַן אוצר פאַר דער געשיכטע פון
דער געשעפטס-זייט פון יידישן טעאַטער אין די לעצטע יאָרן.

שוואַרצס נאָנטסטער מענטש אין טעאַטער איז זיין סופלער, אַ
יוגנט פריינט זיינער. איך זע אין דעם נישט קיין צופאַל. אַ סך מאָל,
ווען איך האָב גערעדט מיט שוואַרצן, בין איך געקומען צום באַשלוס,
אַז ער נויטיקט זיך מער אין אַ סופלער אין לעבן, ווי אויף דער בינע.
ער דערהערט אָפט נישט, וואָס ער רעדט. אָט טרעפט ער מיך אַמאָל
הינטער די קוליסן פון אַ יידיש טעאַטער, וואו עס קומט פאָר אַ נאָכ-
מיטאָג-פאָרשטעלונג פאַר אַ קראַנקן יידישן אַקטיאָר, און אַזוי ווי ביז
זיין ריי איז נאָך צייט, גייט ער מיט מיר דערווייל אַרום אין גאַס און
כאַפּט זיך אַריין אין אַ שולעכל, כדי צו זאָגן קדיש נאָך זיין באַליבטער
מוטער. אָבער ער באַנוגנט זיך ניט מיטן „קדיש". ער נעמט אַ סידור
און זאָגט פסוק ביי פסוק, און מערקווירדיק, מיט דער ספרדישער אויס-
שפּראַך, אַזוי ווי מען רעדט אין ארץ-ישראל.

אַרויסגייענדיק פרעג איך שוואַרצן, ווי קומט עס צו אים, וואָס ער
רעדט אַזאַ העברעאיש.

ענטפערט ער מיר, אַז ער זעט, אַז סוף כל סוף וועט ער מוזן
אויפגעבן דאָס יידישע טעאַטער. ער איז אַ נאַציאָנאַלער ייד. יידן
האַלטן אַלס נאַציאָנאַל און פאַרהייליקן — נאָר איין שפּראַך — העב-
רעאיש. ער לערנט זיך דעריבער העברעאיש און טאַקע מיט דער ספר-
דישער אויסשפּראַך, אַזוי ווי מען רעדט אין ארץ ישראל, וואָרום ער
האָט שוין אָפּגערעדט מיט ווייצמאַנען, אַז ער וועט אין ירושלים איינ-
אָרדנען צוויי מאָל אין יאָר צוויי גרויסע אויפפירונגען אויפן אַמפי-
טעאַטער פון דער אוניווערזיטעט, און דאָס וועט זיין דאָס אמתע
גרויסע, נאַציאָנאַל-יידישע טעאַטער. יאָ, זיין אויג איז נאָר געווענדעט
קיין ארץ ישראל.

און נישט לאַנגדיק נאָך פאַרקלינגען דעם עכאָ פון זיינע ווערטער,
וועבט ער שוין פאַר מיר דעם פּלאַן, ווי אַזוי ער וועט אַוועקפאָרן קיין
וואַרשע, אָדער בערלין, מיטנעמען פון אַמעריקע אייניקע אַקטיאָרן פון
בעסערן געשמאַק און ווילן צו ליידן די נויטן פון חלוצים, און מיט
אייניקע יונגע אַרטיסטישע כוחות פון מזרח- און מערב-אייראָפּע אי-
בערפאָרמירן און איבערשאַפן דאָרט אַ ניי יידיש קונסט-טעאַטער, וואָ-

רום דאָרט זיינען דאָך באמת די יידישע מאַסן, דאָרט איז דאָך דאָ דער עולם, וואָס דורשט און לעכצט נאָך אַ ריין יידיש טעאַטער, און תוך בדי דיבור, אַנטוויקלט ער פאַר מיר אַ פּלאַן פון אַ גרויסער אויפפירונג, וואָס ער גרייט איצט צו אין ניו־יאָרק. זאָל ער נאָר באַקומען דאָס טעאַ־טער, צו וועלכן ער שטרעבט, אַוודאי דאַרף ער האָבן דערצו געלט, אַבאָנענטן. מען מוז מאַכן אַ גרויסן אַבאָנענטן־קאַמפּיין, און עס וועט אַלץ גוט זיין. וואו נאָך האָט אַ גרויס יידיש טעאַטער אַזאַ עקזיסטענץ־מעגלעכקייט ווי אין ניו־יאָרק? וואו, אין וועלכער שטאָט זיינען דאָ אַזוי פיל יידן?

און אָט אַזוי רעדט ער און רעדט, און איך ווייס אַלץ נישט, צי הערט ער, וואָס ער רעדט, צי גלויבט ער אין דעם, וואָס ער רעדט, אָדער ער טראַכט די גאַנצע צייט וועגן זיין „נומער", וואָס ער גייט מאַכן אָט דאָ באַלד אויף דער בינע פון דעם איבערגעפּאַקטן טעאַטער.

„דער אידישער זשורנאַל", ד־4, יולי 1931.

# אַן אַמאָליקער ליבלינג

זעלטן וועלכער שוישפילער האָט די זכיה צו זיין באַרימט אויף דור דורות. מערסטנטייל איז אַן אַקטיאָר נאָר דער אָפגאָט פון זיין צייט. אין זיין פעריאָד איז ער אַזוי פּאָפּולער, אַז מען קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, אַז זיין נאָמען וועט ווען עס איז אַמאָל פאַרגעסן ווערן. אָבער גייט נאָר זיין דור אַריבער צו דער אייביקייט, פאַרשווינדט אויך פון אויבערפלאַך די באַרימטקייט פון קינסטלער.

איינער פון אַזעלכע קינסטלער איז געווען דער פאַרשטאָרבענער אַקטיאָר א ב ר ה ם ־ י צ ח ק  ט אַ נ צ מ אַ ן.

די ט אַ נ צ מ אַ נ ס ! אַט דערדאָזיקער נאָמען, וואָס האָט געגלאַנצט מיט 50-45 יאָר צוריק, איז היינט שוין אַזוי אָפּגעבליאַקעוועט, אַז ער זאָגט גאָרנישט פאַר דעם נייעם, יונגן טעאַטער־דור.

אָבער ווען איר טרעפט נאָך ערגעץ וואו אַ מענטש פון די אַמאָליקע טעאַטער־באַזוכער, וועלכע האָבן נאָך געזען דעם געבורט פון דער יידישער בינע, וואָס געדענקען נאָך גאָלדפאַדענען אַליין, וועט איר זיכער פון זיי הערן דעם נאָמען ט אַ נ צ מ אַ ן.

— אָ, וואו נעמט מען היינט אַזעלכע אַקטיאָרן ווי די טאַנצ־מאַנס? — האָט פאַר מיר געזיפצט אַ לאָדזשער בעל־הבית, בעת איך בין דאָס לעצטע מאָל געווען אין לאָדזש און אין אַ געשפּרעך האָב איך זיך אַרויסגערעדט, אַז איך פאַרנעם זיך מיט יידישער טעאַטער־פאָרשונג.

בשום אופן האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן אויפצווייזן, אַז די יידישע בינע פאַרמאָגט היינט גרעסערע שוישפּילער. דער ייד איז גע־

בליבן ביי זײַנס, אַז קיין גרעסערע אַקטיאָרן ווי די טאַנצמאַנס זײַנען נישט געווען און ס'זײַנען נישטאָ.

געוויינהייט!

לאָמיר, אַלזאָ, זען ווער איז דאָס געווען אָט דער טאַנצמאַן, וואָס פאַר אַ ראָל און פּאָזיציע האָט ער פאַרנומען אין דער יידישער טעאַטער־וועלט.

געבוירן כ"ה חשון 1857 אין וואַרשע, ביי אַ פאָטער אַ סוחר און אַ פאַבריקאַנט, נישט קיין פאַנאַטיקער, אַ מתנגד. געלערנט אין חדר, אויך ביי פּריוואַטע מלמדים און שפּעטער פּויליש, רוסיש, דייטש און פראַנצויזיש ביי לערער. ביז 18 יאָר געלערנט אין וואַרשעווער ישיבה און אַרויס פון דאָרט אַ למדן, אַ משכיל, געגאָלטן אַלס שטיקל עלוי.

אין 1877, ווען ער האָט שוין מער נישט געלערנט, נאָר זיך אַרומגעדרייט אין זײַן פאָטערס הענטשקע־פאַבריק, האָט געטראָפן, אַז איינער פון זײַן פאָטערס אַרבעטער מיטן נאָמען שליפּערשטיין [דער שפּעטערדיקער באַקאַנטער אַקטיאָר] האָט צוזאַמענגענומען אייניקע חברים און מיט זיי איינשטודירט גאָלדפאַדענס „שמענדריק". קיין פרויען האָט די טרופּע נישט געהאַט און מענער פלעגן שפּילן די פרויען־ראָלן. וואָס עס האָט זיי אָבער געפעלט, איז געווען אַ סופלער. דאָ האָט דער „דירעקטאָר" פון דער טרופּע, שליפּערשטיין, אָנגעהויבן אײַנריידן זײַן פאַבריקאַנטס זון, אַז אַזוי ווי ער טוט סיי ווי גאָרנישט, זאָל ער מיטגיין מיט אים אויף די פּרובעס פון זײַן גרופּע, אָבער דאָס זאָל בלייבן בסוד פון זײַן בעל־הבית.

טאַנצמאַן האָט זיך געלאָזט צוריידן, און האָט אָנגעהויבן באַזוכן די פּרובעס, און אַזוי ווי קיין סופלער האָט די גרופּע נאָך נישט געהאַט, האָט מען אים געבעטן, אַז ער זאָל דערווייל אַרויסהעלפן סופלירן, ביז זיי וועלן באַקומען אַ סופלער.

ווען די פּיעסע איז שוין געווען איינגעשטודירט, האָט די גרופּע וועדונגען אַ זאַל הינטער דער שטאָט דאָרט צו שפּילן, אָבער קיין סופלער איז אַלץ נאָך נישט געווען, און דאַן האָבן אַלע אָנגעהויבן בעטן ביי טאַנצמאַנען, אַז ער זאָל זיי אַרויסהעלפן פון זייער פאַרלעגנהייט.

טאַנצמאַן האָט זייער בקשה דערפילט, און דאָס איז געווען זיין ער־שטער שריט צום יידישן טעאַטער, אין וועלכן ער איז שפּעטער גע־וואָרן אַזוי פּאָפּולער און באַליבט.

די פּיעסע איז געגאַנגען איייניקע וואָכן און דערנאָך איז באַ־שלאָסן געוואָרן ארויסצופאָרן אויף דער פּראָווינץ. דער איינפאַל איז טאַנצמאַנען זייער געפעלן, און ער האָט מסכים געווען, בסוד פאַר זיי־נע עלטערן, מיטצופאָרן אַלס סופלער.

ווען זיינע עלטערן האָבן זיך דערפון דערוואוסט, זיינען זיי גע־וואָרן זייער פאַרצווייפלט. עס איז געווען פאַר זיי א גרויסע בושה, און אין שטוב איז ממש געווען א יום־כיפור־שטימונג. א לענגערע צייט האָבן זיי אַפילו נישט געוואוסט וואו ער איז און האָבן זיך מיאש געווען פון זייער זון, וואָס איז אויסגעגאַנגען לתרבות רעות.

פאָרנדיק אַזוי איבער דער פּראָווינץ, איז די טרופּע געקומען אין ברעסט־ליטאָווסק. דאָרט האָט זי זיך געטראָפן מיט א טרופּע פון באַ־רימטן אַקטיאָר גראַדנער מיט זיין פרוי און ביידע טרופּעס האָבן זיך פאַראייניקט. אָבער באַלד דערנאָך איז זיך די טרופּע פונאַנדערגעגאַנגען, גראַדנער מיט דער פרוי זיינען געפאָרן קיין לאָנדאָן און טאַנצמאַן מיט זיין פריערדיקער טרופּע זיינען צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע.

אין דער זעלבער צייט זיינען אין וואַרשע געקומען די אַקטיאָרן ספּיוואַקאָווסקי, ישראל ראָזענבערג און די פּרימאַדאָנע בערטאַ בער־לין. זיי האָבן צוזאַמענגענומען די אַקטיאָרן פון וואַרשע און אָנגע־הויבן צו שפּילן אין „עלדאָראַדאָ"־טעאַטער. די געשעפטן זיינען גע־ווען זייער גוטע, אָבער די פּאָליציי האָט באַלד דערויף פאַרווערט צו שפּילן יידיש טעאַטער. ספּיוואַקאָווסקי האָט דאַן פאַרלאָזט וואַרשע. ראָזענבערג איז קראַנק געוואָרן און געלעגן א פּאַראַליזירטער אין וואַרשעווער שפּיטאָל, ביז מ'האָט אים אהיימגעשיקט קיין אָדעס. די פּרימאַדאָנע בערטאַ בערלין איז געבליבן אין וואַרשע, ווייל זי האָט זיך געשעמט אהיימצופאָרן, וואָרום זי איז אויך אַנטלאָפן פון די על־טערן.

אין א קורצער צייט אַרום איז ווידער געקומען א גרופּע אַקטיאָרן: שעהנגאָלד און פרוי, צוקערמאַן און פרוי, וויינשטאָק און פרוי און גאָלדשמידט. זיי זיינען אָבער געקומען אין א שלעכטער צייט, ווייל

מ׳האָט נאָר וואָס געהאַט פאַרווערט צו שפּילן אין גאַנץ רוסלאַנד. די אַקטיאָרן האָבן זיך געפונען אין אַן אויסערגעוויינלעך קריטישער לאַגע, און די מאַכט האָט זיי דעריבער דערלויבט איינצואָרדענען קאָנצערטן. די קאָנצערטן האָבן זיי אביסל מאַטעריעל געראַטעוועט און די אַקטיאָרן שעהנגאָלד און צוקערמאַן מיט זייערע פרויען האָבן פאַרלאָזט וואַרשע. די איבערגעבליבענע אַקטיאָרן האָבן זיך פאַראייניקט מיט די וואַרשעווער אַקטיאָרן, אריינרעכענענדיק פרל׳ בערלין און טאַנצמאַנען אַלס סופלער. און אַזוי האָבן זיי זיך ווידער ארויסגעלאָזט איבער דער פּראָווינץ. אין דערדאָזיקער צייט האָט זיך אַנטוויקלט אַ ליבע צווישן פריילין בערלין און טאַנצמאַנען.

אַזוי איז די טרופּע געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, ביז זי איז געקומען קיין זאַמאָשטש, וואו דער אַקטיאָר שליפערשטיין האָט זיך צעקריגט מיט דער טרופּע און זי פלוצלונג פאַרלאָזט, און ווען מען האָט אין אָוונט געדאַרפט שפּילן שמ׳רס „בעל תשובה״, איז נישט געווען ווער עס זאָל שפּילן שליפערשטיינס ראָל. די טרופּע איז געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט און נאָך אַ באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז טאַנצמאַן, וועלכער קען אויסגעצייכנט די פּיעסע פון סופלירן און האָט שוין געזען שליפערשטיינען אַ סך מאָל שפּילן די ראָל, זאָל אים פאַרטרעטן.

טאַנצמאַן האָט אָבער נישט געוואָלט הערן דערפון, ער האָט זיך זייער געשראָקן צו שפּילן בכלל און איבערהויפּט שליפערשטיינס ראָל, וואָרום שליפערשטיין איז געווען זייער באַליבט ביים פּובליקום, באַזונדערס אין דערדאָזיקער ראָל. אָבער די טרופּע, און באַזונדערס די פּרימאַדאָנע בערלין, וועלכע איז שוין דערווייל געוואָרן טאַנצמאַנס פרוי, זיינען פון אים נישט אָפּגעשטאַנען און אים צוגעגעבן מוט צום שפּילן, ביז ער האָט מסכים געווען.

די ראָל איז געווען אַ קאָמישע, זי האָט פאָרגעשטעלט אַ מין משוגענעם פילאָזאָף, וואָס שרייבט לידער און זינגט זיי אליין. אין זאַמאָשטש, וואו די טרופּע האָט דאַמאָלט געשפּילט, איז געווען אַ „שטאָט־משוגענער״, וואָס פלעגט ארומלויפן איבער די גאַסן און זינגען הינטער די פענסטער כמו אַ פאָלקסלידל. טאַנצמאַן האָט באַ־

שלאָסן דאָס אויסצונוצן, און דערדאָזיקער איינפאַל האָט אים געמאַכט פאַר אַן אַקטיאָר.

ווען ער איז אַרויף אויף דער בינע האָט ער באַקומען „לאָמפּן־פיבער": עס איז אים געוואָרן פינסטער אין די אויגן, די פיס האָבן זיך אים געבראָכן נאָר צום פאַלן, די גאַנצע „פּראָזע" האָט ער געגעבן אַ זאָג אַראָפּ אין איין אָטעם, נאָר אַז עס איז געקומען צו דער שטעל, ווען ער דאַרף זינגען זיין „פּאָעזיע", האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט זינגען דאָס נייע ליד, וואָס ער האָט פאַרפאַסט, און אָנשטאָט דאָס ליד פון דער פּיעסע, האָט ער געזונגען דאָס לידל, וואָס דער שטאָט־משו־גענער זינגט אין די גאַסן:

אין דרויסן גייט אַ רעגנדל,
די שטיינדלעך זיינען נאַס.
לאָמיר ביידע חתונה האָבן
כאָטש דו ביזט וואָס (ווייס).

זי רופט מיך קרוין,
יאָך (איך) רוף זי האַרץ,
נו, לאָמיר ביידע חתונה האָבן,
כאָטש יאָך בין שוואַרץ.

ווען דאָס פּובליקום האָט דערהערט דאָסדאָזיקע אַזוי גוט באַ־קאַנטע לידל, האָט עס אויסגעבראָכן אין אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן, וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן אייניקע מינוטן. דאָ איז טאַנצמאַנען פּלוצ־לונג ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, ער האָט זיך אויסגעגלייכט, אויפ־געהערט צו ציטערן און די אַרטיסטישע נשמה, וועלכע האָט געשלו־מערט אין אים, האָט דערוואַכט. ער האָט די ראָל מייסטערהאַפט דורכגעפירט און פון דאָזיקן אָוונט אָן האָט ער באַקומען דעם נאָמען אַלס אַקטיאָר.

דאָס איז געווען אין אָקטאָבער 1879.

די טרופּע האָט אַזוי אַרומגעוואַנדערט איבער דער פּראָווינץ, ביז אין אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן איז זי געקומען אין וואַרשע. אין וואַרשע האָט דעמאָלט אין עלדאָראַדאָ־טעאַטער געזונגען אַ

רוסישער כאָר, וואָס האָט דעם דירעקטאָר ארייננעטריבן אין א גרויסן דעפיציט און ער האָט שוין געהאַלטן ביים אוועקפאָרן פון ווארשע. דאָ האָט מען אים געגעבן אַן עצה, אַז ווען ער וואָלט באַקומען אַ דער־לויבניש אויף יידיש טעאַטער, וואָלט ער אַ סך געלט פאַרדינט. נאָך באַמיאונגען האָט ער באַקומען אַ דערלויבניש און ער האָט אראָפּגע־בראַכט צו זיך אין טעאַטער טאַנצמאַנען מיט זיין פרוי און זיין גאַנ־צע טרופּע.

טאַנצמאַן איז געווען דער קאָמיקער און רעזשיסער, און זיין פרוי—די פּרימאַדאָנע. אָנגעהויבן האָט די טרופּע מיט „שולמית", וואָס האָט געהאַט אַזאַ דערפאָלג, אַז די פּיעסע איז געגאַנגען 125 מאָל נאַכט ביי נאַכט. דער רוסישער כאָר, וועלכער האָט געהאַט אַ קאָנ־טראַקט מיטן דירעקטאָר, האָט דאָך אויך געמוזט עפּעס טאָן, האָט ער געזונגען צווישן די אַקטן, און אַזוי האָט מען אָפּגעשפּילט דעם גאַנצן ווינטער. דערווייל איז געקומען אַ רוסישע דירעקטאָרשע ליציענקאָ, וועלכע איז אויך געווען אַ באַקאַנטע פּרימאַדאָנע, און געדונגען דאָס טעאַטער אויף זומער. טעאַטער־לייט האָבן זי געוואָרנט, אַז אָן דער יידישער טרופּע וועט זי מאַכן שלעכטע געשעפטן. זי האָט אָבער ניט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג, וואָרום זי האָט געהאַט אַ פאַרקאָנטראַק־טירטע רוסישע טרופּע, און אליין האָט־זי זיך אויך געוואָלט באַווייזן. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן: זי האָט געמוזט רופן טאַנצמאַנען און מיט אים שליסן אַן אָפּמאַך, אַז זיין יידישע טרופּע וועט שפּילן אין טעאַטער 4 מאָל אַ וואָך און איר רוסישע 3 מאָל. טאַנצמאַן איז פון דאַמאָלט אָן אויך געוואָרן דער דירעקטאָר פון זיין טרופּע, די געשעפ־טן זיינען געווען זייער גוטע. ווען די יידישע טרופּע פלעגט שפּילן, איז דאָס טעאַטער געווען אַזוי געפּאַקט, אַז מען פלעגט זיצן אויף די בוי־מער (עס איז געווען אין אַ גאָרטן), און ווען די רוסישע טרופּע האָט געשפּילט איז תמיד געווען ליידיק.

צו דער זעלבער צייט איז אין ווארשע געקומען שמ'ר און מיט־געבראַכט מיט זיך פיל נייע פּיעסעס, צווישן זיי „דער טרייפניאַק, אָדער דער יידישע פּריץ", אין וועלכער טאַנצמאַן האָט באַקומען אַן אויס־געצייכנטע ראָל „לייזערקע שניידער", מיט וועלכער ער האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. נאָר ווען מען האָט אויפגעפירט שמר'ס „קאַטאָרזשניק,

אָדער, דער ישיבה־בחור", און טאַנצמאַן האָט געשפּילט דעם „ישיבה־
בחור", האָט ער זיך אַליין איבערגעטראָפן, ווייל דאָס איז געווען די
ראָל, וואָס האָט גערעדט צו זיין הארץ. מיט דערדאָזיקער ראָל האָט
טאַנצמאַן אויפגעשטורעמט גאַנץ וואַרשע, און עס זיינען אים געקומען
זען שפּילן חסידים, מתנגדים, אַלטע יידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, יונגע־
לייט, וואָס זיינען נאָר וואָס פון דער גמרא אַוועק. אַפילו ישיבה־בחורים,
וואָס האָבן געלערנט צוזאַמען מיט טאַנצמאַנען אין ישיבה, זיינען גע־
קומען אים זען שפּילן דעם „ישיבה־בחור".
טאַנצמאַן איז געוואָרן זייער באַליבט נישט נאָר ביים טעאַטער־
פּובליקום, נאָר אויך ביי די דאַמאָלטדיקע גרעסטע יידישע שריפט -
שטעלער. סאָקאָלאָוו, סלאָנימסקי, פרישמאַן און דינענזאָן פלעגן זייער
אָפט קומען אין טעאַטער, און יעדן טאָג פלעגט ער אויך פון זיי באַ־
זוכט ווערן ביי אים אין שטוב, וואו זיי האָבן זיך מיט אים אונטער־
געהאַלטן.
פרישמאַן און דינענזאָן פלעגן זיין זיינע אמתע הויז־פריינט און
האָבן שטענדיק מיט אים פאַרבראַכט.
דינענזאָן האָט דאַמאָלט געשריבן זיין „אבן גנף", און יעדעס קאַ־
פּיטל, וואָס ער האָט געשריבן, פלעגט ער ברענגען צו טאַנצמאַנען אים
פאָרלייענען און הערן זיין מיינונג.
אַ גאַנצן סעזאָן איז געגאַנגען דער „ישיבה־בחור" מיט אַ גרויסן
מאָראַלישן און מאַטעריעלן דערפאָלג.
דאַן איז גאָלדפאַדען געקומען אין וואַרשע און מיטגעבראַכט זיי־
נע נייע פּיעסעס „בר כוכבא" און „אַחשורוש". טאַנצמאַן האָט גע־
האַט אַ גרויסן דערפאָלג אין די ראָלן פון „פּאַפּוס" און „אַחשורוש".
גאָלדפאַדען איז אייניקע סעזאָנען געבליבן אין דער טרופּע, ביז נישט־
פאַרגינערס האָבן אַרויסגערופן אַ מחלוקה צווישן טאַנצמאַנען און
גאָלדפאַדענען מיט דער רוסישער דירעקטאָרשע און אין יאָר 1885 האָט
די טרופּע אויפגעהערט צו שפּילן אין וואַרשע און זי איז אַריבער קיין
לאָדזש, וואו זי האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג.
די מחלוקה־מאַכער האָבן דאַן געעצהט דער רוסישער דירעק -
טאָרשע צו ברענגען די אַקטיאָרן גראַדנער מיט פּרוי פון לאָנדאָן,
וועלן זיי מאַכן פאַרגעסן דאָס פּובליקום אָן די טאַנצמאַנס. דער חש־

בון איז אָבער געווען אַ פאַלשער: נישט קוקנדיק אויף זייער טאַלאַנט האָבן די גראָדנערס נישט געהאַט קיין דערפאָלג אין ווארשע און אויף יעדער פאָרשטעלונג פלעגט דאָס פובליקום שרייען „טאַנצמאַן!" ביז מען האָט אויפגעהערט באַזוכן די פאָרשטעלונגען, די גראָדנערס זיי־נען אוועקגעפאָרן און די רוסישע דירעקטאָרשע איז געפאָרן קיין לאָדזש און פון דאָרט צוריק אָראָפּגעבראַכט די טאַנצמאַנס און גאָלד־פאַדענען מיט דער גאַנצער טרופע. אַזוי האָבן זיי ביז 1887 געשפילט אין ווארשע. דאַן זיינען גאָלדפאַדען און ספּיוואַקאָווסקי אוועק קיין אַמעריקע און יעקב פּ. אַדלער איז געקומען אין ווארשע און געשפילט אונטער טאַנצמאַנס דירעקציע. באַלד איז אַדלער אוועק און אין זעלבן יאָר האָט די פּאָליציי ווידער פאַרווערט צו שפּילן יידיש טעאַטער אין ווארשע.

טאַנצמאַן האָט אָנגעהויבן אַרומצופאָרן מיט דער טרופּע איבער די גרעסטע שטעט אין פּוילן און אויך אין ביאַליסטאָק, גראָדנע, ווילנע, קאָוונע, מינסק, פּינסק, באָברויסק און טשערניגאָוו און דערנאָך צו־ריקגעקומען אין ווארשע, וואו ער האָט זיך ווידער אָנגעהויבן באַמיען וועגן אַ דערלויבניש צו שפּילן „יידיש־דייטש"־טעאַטער מיטן באַ־דינג, אַז 4 נעכט אין דער וואָך זאָל די טרופּע שפּילן פאַר זיך און דריי נעכט לטובת דעם רוסישן „רויטן קרייץ". ביי די דאַמאָלטיקע באַדינ־גונגען איז דאָס אויך געווען אַ גרויסע זכיה, אָבער ערב דער פאָר־שטעלונג איז אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר געקומען מיט אַ טעלעגראַמע פון גובערנאַטאָר נישט צו לאָזן שפּילן. מען האָט תיכּף אַראָפּגעריסן די אַפישן, און פון דער זייט האָט מען מגלה געווען טאַנצמאַנען אַ סוד, אַז דער נייער פאַרבאָט איז אַ רעזולטאַט פון אַ מסירה פון איינעם פון די גרויסע יידישע אַקטיאָרן.

דאָ איז געקומען אין ווארשע דער באַקאַנטער טעאַטער־דירעק־טאָר נימפעל און האָט אַריבערגענומען די גאַנצע טרופּע קיין גאַליציע, אָפּשטעלנדיק זיך באַזונדערס אַ לענגערע צייט אין לעמבערג, וואו עס איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג.

דער נאָמען טאַנצמאַן און זיין פרוי איז געוואָרן זייער פּאָפּולער אויך אין אַמעריקע און אין 1889 איז געקומען אין לעמבערג דער טעאַטער־אונטערנעמער מאַנדעלקערן פון ניו־יאָרק, ספּעציעל מיט־

צונעמען זיי קיין אַמעריקע, וואָס עס האָט זיך אים אויך איינגעגעבן.

קומענדיק אין אַמעריקע, האָט טאַנצמאַן אויפגעפירט אין ניו־יאָרק די פּיעסעס, אין וועלכער ער האָט זיך אַזוי אויסגעצייכנט אין אייראָפּע און ער האָט באַלד זיך דערוואָרבן אַ גרויסן נאָמען ביים פּובליקום.

דאָס האָט אָבער נישט געשמעקט די דאַמאָלטיקע „סטארס", איבערהויפּט פון שכנותדיקן טעאַטער. מען האָט אָנגעווענדט פאַרשידענע מיטלען, אַז טאַנצמאַן און זיין פרוי זאָלן דורכפאַלן. מען האָט אָנגעשטעלט די ספּעציעלע „פּאַטריאָטן", אַז זיי זאָלן אים אויספייפן, און ווען מען האָט געזען, אַז דאָס אַלץ העלפט נישט, איז באַשלאָסן געוואָרן אים מיט זיין פרוי אַוועקצונאָרן פון ניו־יאָרק.

דאָס יידישע טעאַטער אין אַמעריקע איז דאַמאָלט דער עיקר באַשטאַנען אויף ניו־יאָרק, און אַן אַקטיאָר, וואָס האָט געשפּילט אין אַן אַנדערער שטאָט איז נישט געווען באַקאַנט אין ניו־יאָרק.

טאַנצמאַן איז געווען זייער גוט באַפריינדעט מיט באָרים טאָמאַשעווסקין און טאַנצמאַנס שונאים האָבן ענדלעך געווירקט אויף טאָמאַשעווסקין, אַז ער זאָל צורידן טאַנצמאַנען פאָרן מיט אים קיין שיקאַגאָ. דער דערפאָלג דאָרטן איז געווען זייער אַ גרויסער, אָבער טאָמאַשעווסקי איז באַלד דערויף צוריקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק, איבערלאָזנדיק זיין פריינט טאַנצמאַן מיט דער טרופּע אין שיקאַגאָ.

דער פּלאַן איז געלונגען, דער געפערלעכער טאַנצמאַן איז געבליבן איזאָלירט פון ניו־יאָרק, ווייל מען האָט אים שוין דאָרט אין ערגעץ נישט צוגעלאָזט. טאַנצמאַן האָט אָבער באַלד דערויף אַנטדעקט די גאַנצע קאָנספּיראַציע, אָבער עס האָט אים קנאַפּ געאַרט, ווייל ער האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג אין טשיקאַגאָ.

דאַן איז געקומען אַ פאַרוואַלטער פון סאַן־פראַנציסקאָ (קאַליפאָרניע) און אַהינגענומען טאַנצמאַנען מיט דער גאַנצער טרופּע. דאָס איז געווען דער ערשטער פּרוב צו שפּילן יידיש טעאַטער אין קאַליפאָרניע. טאַנצמאַן האָט דאָ אויפגעפירט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פּראַכט גאָלדפאַדענס „שולמית". אין דער סצענע, ווען יידן זיינען עולה־רגל קיין ירושלים, האָט ער אַרויפגעפירט אויף דער בינע

לעבעדיקע עופות און בהמות און דעם כאַר האָט ער געגומען פון טעמפּל. דער דערפאָלג איז געווען אַזוי גרויס, אַז צומאָרגנס איז די ענגלישע פּרעסע אַרויס מיט ענטוזיאַסטישע רעצענזיעס, און אין טעאַטער זיינען אויך געקומען פיל קריסטן. די טרופּע האָט דאָ געשפּילט אַ לענגערע צייט און אויך אויפגעפירט „שלמה המלך" און „די כישוף־מאַכערין".

פון קאַליפאָרניע איז טאַנצמאַן געפאָרן איבער די גרויסע שטעט פון אַמעריקע און אומעטום זיך דערוואָרבן אַ גרויסן נצחון, ביז ער איז צוריקגעקומען אין ניו־יאָרק. פון דאָ פלעגט ער טיילמאָל ווידער אַרויספאָרן גאַסטראָלירן, אָבער דער עיקר איז ער שוין געבליבן אין ניו־יאָרק, וואו ער האָט געשפּילט אַ שיינע ראָל און איז געווען באַליבט. „אָבער מען האָט אים — ווי באָרים טאָמאַשעווסקי שרייבט אין נעקראָלאָג נאָך טאַנצמאַנען — ענג געמאַכט דאָס פעלד און אים געזאָגט: ביי אונז האָסטו קיין פּלאַץ נישט. עסן דאַרפן מיר אַליין... דו, טאַנצמאַן, גיי, טאַנץ אויף די ברעטלעך, זינג לידלעך אין די ביר־האַלעס.

טאַנצמאַן האָט געהאַט אַ פרוי, אַ גרויסע פּרימאַדאָנע, און געלעבט גליקלעך, האָבן ברידער־קאָלעגן אים נישט פאַרגינען.

טאַנצמאַן האָט געהאַט קינדער, פון וועלכע ער האָט פאַנטאַזירט, זיי געליבט, זיי געהאָדעוועט, זיך מפקיר געווען פאַר זיי, אַוועק פון רוסלאַנד צוליב זיי. ער האָט זיי פאַרלוירן — צוגענומען האָט מען זיי.

טאַנצמאַן איז געשטאָרבן, ווייל ער האָט ווייטער נישט געקאָנט לעבן אין די אומשטענדן ווי ער האָט געלעבט די לעצטע צייט. ער האָט געקריגן קלעפּ פון שיקזאַל אויף טריט און שריט: ער איז געווען דער גרויסער קאָמיקער, דער דירעקטאָר פון וואַרשעווער יידישן טעאַטער, געהאַט עשירות און כבוד — די צייט האָט דאָס ביי אים אַוועקגענומען, ער האָט אַלץ פאַרלוירן.

ער איז געווען אַ געזונטער מענטש, אַ לעבנסלוסטיקער. מען האָט אים קיינמאָל נישט געזען פאַרטרויערט, מרה־שחורהדיק. שטענדיק עלעגאַנט געקליידעט, ריין, שטענדיק לאַכנדיק מיט הומאָר און וויץ, לוסטיק און לעבעדיק, קיינמאָל נישט באַווײנט זיין לאַגע, קיינ־

מאָל זיך נישט באַקלאָגט אויף זיין שיקזאַל. געווען אויף פּרובע, זיך געוויצלט מיט די קאָלעגן־שוישפּילער, געזונגען, געטאַנצט, זיך צוגע־גרייט אַמוזירן און פריילעך מאַכן די געסט פון די מוזיק־האָלם (וואַ־ריעטע). דערנאָך איז ער אַוועק אַהיים, אַריין צו זיך אין דער אָרי־מער שטוב, אַרומגענומען זיין ווייב און קינד, פאַרגלאָצט די אויגן, אַ טרייסל געטאָן דעם קערפּער און דאָס האַרץ האָט געפּלאַצט".

דאָס איז געווען כ"ה חשון תרמ"ז (13 נאָוועמבער 1906).

„לאָדזער טאַגעבלאַט", 13.12 יוני 1929

# דער טאַטע

אין ווירקלעכן לעבן האָט מען נאָך נישט געהערט, אַז א באַשע־פעניש זאָל האָבן צוויי מאַמעס. מיט פאָטערס איז אָן אַנדערע זאַך. עס זאָל אַזוי נישט טרעפן, ווי עס טרעפט בעוונותינו הרבים, אַז א קינד ווערט געבוירן און ס׳איז פאַרהאַן א מחלוקה, אַז עס האָט צוויי טאַטעס.

מיטן יידישן טעאַטער איז אַנדערש — מאַמעס האָט עס אייני־קע: פונקט אַזוי ווי בינע אַבראַמאָוויטש ווערט אין אַמעריקע גערופן „די מאַמע פון דער יידישער בינע", פונקט אַזוי האָט מען אין רום־לאַנד גערופן דער פאַרשטאָרבענער אסתר־רחל קאַמינסקא „די מאַמע פון דער יידישער בינע". גאַליציע האָט זיך איר פאַרהייליקטע אַק־טריסע, וועלכע זי רופט אַזוי: דאָס איז די שוישפּילערן בערטאַ פּיש־לער, וועלכע איז איצט פאַרהייראַט צו א ריכטער און שפּילט מער נישט אויף דער בינע. מיר האָבן אייניקע מאַמעס, אָבער קיין טאַטעס. דאָס אַלגעמיינע יידישע טעאַטער האָט נאָר איין פאָטער און דאָס איז אברהם גאָלדפאַדען, און די יידישע בינע אין אַמעריקע האָט נאָר איין פאָטער און דאָס איז ב אָ ר י ס ט אָ מ אַ ש ע װ ס ק י.

וואָלט מען ביי אונז אַרויסגעוויזן אַביסל אַכטונג פאַר קולטור און וואָלט מען ביי אונז פאַרשטאַנען ווי אַזוי אָפּצושאַצן ווירקלעכע פּאָזיטיווע אַרבעט, וואָלט איצט דאָס יידישע אַמעריקע געקלונגען מיט ריזיקע הכנות צו א גרויסן יום־טוב צו אַן אמתן יובילײ און פון א זייער ווײכטיקן ענין — צו דער פייערונג פון דעם 50־יאָריקן יובילײ זינט מען האָט אָנגעהויבן שפּילן יידיש טעאַטער אין אַמעריקע. און דערדאָזיקער יום־טוב איז ענג פאַרבונדן מיט דעם מאַן, וועלכער

האָט פאַרזייט די ערשטע קערנער פאַר די פּירות, וואָס מיר רופן איצט אָן יידיש טעאַטער — מיט באָרים טאָמאַשעווסקין.

אין 1882, באַלד נאָכדעם ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע יידישע אימיגראַציע אין אַמעריקע, האָט באָרים טאָמאַשעווסקי, דאַמאָלט נאָך א יינגל פון 16 יאָר, אויפגעשלאָגן דאָס געצעלט פון יידישן טעאַטער אין אַמעריקע. אויפן אָרט, וואו עס געפינט זיך היינט וואַנעמייקערס דעפּאַרטאַמענט־סטאָר, אויף אַסטאָר פּלעיס, ניו־יאָרק, האָט באָרים טאָמאַשעווסקי, דאַמאָלט א סיגאַרעטן־אַרבעטער, מיט נאָך אייניקע חברים סיגאַרעטן־אַרבעטער, צום ערשטן מאָל געלאָזט עפנטלעך הערן דאָס יידישע וואָרט אין אַמעריקע.

עס לייענט זיך ממש ווי א ראָמאַן די געשיכטע פון די פאַרשידענע שוועריקייטן און שטערונגען, וועלכע דאָס יונגע בחורל איז דורכגעגאַנגען פון ערשטן מאָמענט ווען מען האָט אָנגעהויבן שפּילן אין ניו־יאָרק און אויך אין די ערשטע יאָרן אין דער ראָוד. און דאָך האָבן די פאַרשידענע אבני נגף אין וועג נישט אָפּגעשוואַכט דעם מוט ביי טאָמאַשעווסקין און ער האָט ציגל נאָך ציגל געלייגט דעם בנין, אָט דעם ריזיקן בנין פון יידישער קולטור־שאַפונג אין דער יידישער שפּראַך — יידיש טעאַטער.

איצט, ווען עס האָט ווידער אויפגעוואַכט די ליטעראַרישע דיסקוסיע וועגן דעם צי יידיש גייט חלילה נישט אונטער אין אַמעריקע, קאָן מען ערשט רעכט אָפּשאַצן די באַדייטונג פון דעם דאָזיקן, אין פלוג אַפשר אינסטינקטיוון, יידיש־בויער אין אַמעריקע באָרים טאָמאַשעווסקי.

אויף וויפיל שוואַכער וואָלט געווען דער כוח פון יידיש, ווען באָרים טאָמאַשעווסקי וואָלט נישט מיט 50 יאָר צוריק געלייגט דעם יסוד פון יידישן טעאַטער אין דער יידישער שפּראַך? וויפיל ווייניקער וואָלט מען שוין היינט גערעדט יידיש און אויף וויפיל ווייניקער וואָלט שוין היינט שטילער געווען דאָס קול פון יידיש, ווען טאָמאַשעווסקי לאָזט זיך דאַמאָלט אָפּשרעקן פון דעם הייפעלע יאַהודים און רעזיגנירט פון א טעאַטער אין דער יידישער שפּראַך?

צוויי ריזיקע אינסטיטוציעס זיינען דאַמאָלט געשאַפן געוואָרן און ביידע לעבן און ביידע האָבן זיך נישט איינגעקלאַמערט אין די ד'

אמות פון אמעריקע. זיי זיינען אלוועלטלעך — די יידישע פרעסע און דאס יידישע טעאטער. ביידע זיינען געשאפן געוואָרן אין דער יידי־שער שפּראַך און ביידע האָבן פון זייערע קוואַלן געשפּייזט די גאַנצע יידישע וועלט אין אַלע וועלט־טיילן. פון וואָס וואָלט היינט געלעבט דאָס יידישע טעאַטער אין אייראָפּע און דרום־אַמעריקע, ווען דער בוים, וואָס איז איינגעפלאַנצט געוואָרן פון טאָמאַשעווסקין, וואָלט נישט געבוירן אַזעלכע רייכע פירות, אַז מען קאָן מיט זיי „דאַמפּן"*) די גאַנצע יידישע וועלט? ווי וואָלט אויסגעזען די יידישע ליטעראַטור אין דער גאָרער וועלט, ווען אירע בעסטע כחות וואָלטן זיך נישט גע־קאָנט דערנערן פון זייער מיטאַרבעט אין דער אַמעריקאַנישער יידישער פרעסע?

צוויי אָבות האָבן מיר געהאַט — פאַר דער פרעסע און פאַרן טעאַטער. כדי דאָס רומל זאָל זיין פול, האָט מען געדאַרפט האָבן אַ דריטן אויך פאַר דער יידישער שול. מיט אַזעלכע דריי אבות וואָלט מען קיינמאָל נישט געדאַרפט פרעגן קיין קשיות ווי לאַנג דאָס יידישע לשון וועט לעבן.

און ווייל עס איז קיין יידישע שול אין דער יידישער שפּראַך נישט געווען אין אַמעריקע, האָט דאָס יידישע טעאַטער געהאַט נאָך אַן אויפגאַבע — צו לאָזן הערן דאָס יידישע לשון דעם נייעם דור. טויזנטער און טויזנטער אַמעריקאַנער יידן האָבן יידיש געהערט און זיך אויסגעלערנט פאַרשטיין און ריידן פון יידישן טעאַטער.

באָריס טאָמאַשעווסקי איז אומדירעקט געוואָרן אַ מיטבויער פון אונזער יידיש לשון.

ווי עס טרעפט זייער אָפט, באַגנוגנט זיך אַ דערפינדער מיטן דערפינדן און לאָזט די פאַרפולקומענונג און אַנטוויקלונג פון זיין דערפינדונג פאַר אַנדערע. נאָר געציילטע אויסנאַמען זיינען פאַראַן, וואָס קאָנען זיך אַליין מיט זייער קינד נישט שיידן און גיבן זיך אָפּ מיט זיין האָדאָוואַניע. באָריס טאָמאַשעווסקי געהערט צו די אויסנאַ־מען.

ער האָט געגרינדעט און אויסגעהאָדעוועט דאָס יידישע טעאַטער

*) „דאַמפּן" — פאַרוואַרפן דעם מאַרק.

אין אַמעריקע. ער האָט דער ערשטער צונויפגעשטעלט אַ טרופּע פאַר ניו־יאָרק, דער ערשטער צונויפגעשטעלט טרופּעס פאַר דער פּראָווינץ, ער האָט דער ערשטער אויפגעפירט פּיעסעס און געשאַפן דעם גרויסן פּאַרנעם פון טעאַטער — די גרויסע טרופּעס, גרויסע אָרקעסטערס, ספּעציעלע דעקאָראַציעס, דער ערשטער געבראַכט אַ גאַנצע גרופּע ערשטקלאַסיקע שוישפּילער קיין אַמעריקע, דער ערשטער געבראַכט אַ פאַרגוויישטן יידישן דראַמאַטורג (אָסיפּ דימאָוו) און אים מגייר געווען פאַר דער יידישער בינע, און דער ערשטער און איינציקער, וואָס האָט געבראַכט די שענסטע פרוכט פון אייראָפּעאישן יידישן טעאַטער — „די ווילנער טרופּע".

און ביי דעם אַלעם און נאָכן אַרומוואַנדערן איבער דער גאַנצער וועלט, איבער אַרגענטינע און רוסלאַנד, איבער פּוילן און ענגלאַנד, איבער טשעכיע און פראַנקרייך, איז טאָמאַשעווסקי אויף דער בינע אַזוי יונג, אַז ווען דאָקומענטן וואָלטן נישט פעסטגעשטעלט, אַז אַט־אָט ווערט 50 יאָר ווי ער שפּילט שוין, וואָלט בשום אופן נישט מעגלעך געווען צו גלייבן, אַז טאָמאַשעווסקי איז ב כ ל ל אַלט 50 יאָר.

אָט דער נצחון פון זיין אידעע, אָט די פרוכטבאַרע פּירות, וואָס ער זעט פון דעם בוים, וועלכן ער האָט פאַרפלאַנצט אין 1882, מאַכט אים אַזוי יונג און מוטיק.

„די אידישע וועלט" 1 מאַי 1931

## דער „רעזשיסער"

אין א יום־טובדיקן טאָג בין איך אָנגעקומען אין אַן עכט יידיש גרענעץ־שטעטל, א שטעטל, וואָס ליגט צווישן צוויי מדינות אָנגעפּראָפּט מיט יידן אזוי ווי להבדיל הערינג אין א פעסל. צוליב א טעכנישע סיבה, ווי מ'דריקט זיך אוים אין די צייטונגען, האָט זיך מיין רייזע אזוי פאַר־פּלאָנטערט, אז אָנשטאָט צו זיין דעם יום־טובדיקן טאָג שוין אין דער שכנותדיקער גרויסער שטאָט טשערנאָוויץ, בין איך ארום אכט אין דער פרי, ווען די זון האָט זיך אָנגעהויבן רעכט חנדלען און ווייזן אירע שמד־שטיק, אָנגעקומען מיט דער באן צום שטעטל שניאטין, וואָס איז דער לעצטער גרוס פון פוילן.

דערוואַרט האָב איך, אז מיין ביכער־באַגאַזש, וואָס האָט געדאַרפט ארויסגעשיקט ווערן פון וואַרשע, ליגט אויף דער באַן־סטאַציע און איך וועל באַווייזן אים באַלד אריינצונעמען אין וואַגאָן צו מיר אָדער אים עקספּעדירן און קאָנען ווייטער פאָרן מיטן זעלבן צוג, וואָס דאַרף מיך אריינפירן אין שכנותדיקן לאַנד — רומעניע. אָבער, אז עס הייבט זיך אָן א פארפּלאָנטערניש, גייט עס דאָך ווייטער. שטעלט זיך ארויס, אז מיין באַגאַזש דאַרף אָנקומען אויף דער פּאָסט, און די פּאָסט אָפּ־טיילונג איז נישט אָט־דאָ, אויף די באַן־ליניעס מחוץ דער שטאָט, נאָר אין מיטן שטעטל. און צו דעם צוועק דאַרף מען נעמען א פיאקר און פאָרן אנדערהאלבן שעה. פאַרפאַלן, מילא, וועל איך שוין ווייטער פאָרן קיין רומעניע מיטן אָוונט־צוג.

אָבער וועלכער ייד פאָרט עס אָן פעקלעך? האָב איך מסתמא געגוג פּעקלעך מיט זיך, אייניקע קליינע און איינעם טאַקע א גרויסן. פרעגט זיך א קשיא, צו וואָס טויג מיר צו שלעפּן די פעקלעך אין שטעטל אריין און זיי אין עטלעכע שעה ארום צוריקשלעפּן? אודאי נישט קיין

שכל. דאָס גליקסטע וואָלט געווען זיי צו לאָזן דאָ אויף דער באַן־סטאַציע, נו, אַזוי אָבער ווי דאָ איז אַ גרענעץ־סטאַציע, איז נישטאָ קיין ספּעציעלער צימער אויף איבערצולאָזן זאַכן, בלייבט נישט קיין אַנדערע ברירה ווי צו בעטן דעם רעסטאָראַטאָר, וואָס האָט אַזאַ פיין אויסגעפּוצטע זומערדיקע רעסטאָראַציע, אַז ער זאָל מיר דערלויבן אַוועקצושטעלן די זאַכן מיינע אויף איניקע שעה אויף זיין וועראַנדע. איז ער אָבער נישט באַגייסטערט פון מיין פאָרשלאַג. נישט ער האָט פּלאַץ און נישט ער וויל זיין פאַראַנטוואָרטלעך. מאָלט איך, אַז פּלאַץ האָט ער יאָ, נאָר ער וויל נישט. טאָ ווער קען אים נייטן? כאַפּ איך זיך, אַז מען דאַרף האַנדלען דיפּלאָמאַטיש, מען דאַרף קודם כל ביי אים עפּעס קויפן און דערנאָך בעטן אַ טובה. טאַקע אַ חכמה פון חכמה־לאַנד. איצט ווערט ער שוין ווייכער. ער וועט שוין אָפּזוכן פּלאַץ, נאָר ווידער די זעלבע מעשה: ער איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך. בלייבט מיר נישט אַנדערש ווי אַוועקצושטעלן ביי אים מיין גרויס פּעקל. אויב עס זאָל זיך ועפונען אַ פרעמדער בעלן דערויף, וועט ער ערשטנס האָבן כאָטש נישט קיין לייכט שטיקל אַרבעט עס אַוועקצוטראָגן, צווייטנס קאָן מען גיכער באַמערקן, אַז עס האָט זיך אַ פרעמדער מרחם געווען אויפן פּעקל און טראָגט עס אַוועק. דאַקעגן די קליינע פּעקלעך מוז איך זיך מטריח זיין און נעמען מיט זיך, און דערצו קאָן איך זיך ניט לאַנג מיישב זיין, וויל דער איינציקער פורמאַן מיט אַ פיאַקער סטראַשעט, אַז אָט פאָרט ער אין שטעטל אַריין אָן מיר, און דאַמאָלט בין איך דאָך גאָר פאַרלוירן.

פאָרן מיר אין שטעטל. דער וועג איז ווי די מלאכים אין יעקב אָבינום חלום: „עולים ויורדים", גריבער און טאָלן. אָט הויבט מען זיך און מען דראַפּקעט זיך אַרויף, אָבער יעדער זעץ, וואָס דער פיאַקער גיט ביים אַרויפקאַראַבקען זיך אויף אַ שטיקל פאַרהאַרטעוועטער ערד, דערמאָנט, אַז דער מענטש איז ניט פון איין שטיק, נאָר האָט קישקעס און געדערעם, וואָס אָט־אָט רייסן זיי זיך אָפּ און מאַכן קידוש פאַר זיך, און אָט הויבן מיר גאָר אָן פאָרן אַראָפּ, אַראָפּ, און יעדער קלאַפּ שאָקלט אויס די אַזוי אויך צעבראָכענע ביינער. פאַרפאַלן, איך קאָן דאָך ניט פאַרלאַנגען, אַז צוליב מיר זאָל מען איבערטראָגן דאָס שטעטל אויף אַן אַנדערן פּלאַץ, אָדער מען זאָל מאַכן אַ לייטישן שאָסיי.

ענדלעך זיינען מיר צוגעקומען צו דער פּאָסט. מיין פורמאַן וואַרט מיך באַלד צוריקצופירן מיט מיין באַגאַזש. אָבער — אַן אומגליק. נישטאָ קיין זכר. די ביכער זיינען נישט אָנגעקומען. שריי חי וקים, מאַך נאָכאַמאָל אַ חשבון, אַז לויט ווי איך האָב נאָך זיי געשריבן, לויט ווי זיי האָבן געדאַרפט אַרויסגעשיקט ווערן, האָבן זיי שוין געדאַרפט זיין—זיי זיינען אָבער פאָרט נישטאָ! פויל איך זיך ניט און קלינג אָן טע־לעפאָניש אין וואַרשע. ס׳קאָסט טאַקע אַ מטמון מיט געלט, אָבער אַזוי ווי צומאָרגנס איז אַ קריסטלעכער יום־טוב און די פּאָסט וועט זיין פאַרמאַכט, קאָן איך דאָך אַמאָל דאַרפן זיצן אייניקע טעג אין דעם שטעטל, וואָס וועל איך טאָן אין אַזאַ שטעטל? און וואָס וועט ווערן מיט מיין גרויס פּעקל, וועלכעס איך האָב איבערגעלאָזט ביי דעם רעס־טאָראַטאָר, דעם „אוהב ישראל״, נאָר אויף אייניקע שעה? נו, ענטפערט מען מיר פון וואַרשע, אַז מען האָט נאָרוואָס געקראָגן מיין בריוו און מען האָט ערשט נעכטן אַרויסגעשיקט די ביכער און מסתמא וועלן זיי מאָרגן אָנקומען אהער. און תוך כדי דיבור גיט מיר דער פּאָסט־נאַ־טשאַלניק אַ ידיעה, אַז ער האָט שוין באַקומען דעם אָנווייז אויף די ביכער, נאָר די ביכער גופא וועלן מסתמא ערשט מאָרגן קומען מיטן צוג פון וואַרשע, און ער טוט מיר אַ טובה, אַז אויב די ביכער וועלן מאָרגן אָנקומען, וועט ער זיי מיר אַרויסגעבן ביי דער באַן און איך וועל קאָנען באַלד וויייטער פאָרן מיטן זעלבן צוג קיין רומעניע. טאַקע אַ גרויסע טובה, אָבער דערווייל, הייסט עס, מוז איך לכל הפחות ביז מאָרגן בלייבן אין שטעטל. לאָז איך שוין אויף הפקר דאָס גרויסע פּעקל אין רעסטאָראַן ביי דער באַן און הייב אָן טראַכטן וואו באַזעצט מען זיך דאָ אין שטעטל ביז מאָרגן.

גיי איך מיר אַזוי אַרוים אין גאַס: שטיל, רואיק, ווען נישט די ברענענדיקע זון, וואָס בריט און לויכט, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז עס איז שפּעט ביינאַכט ווען אַלע איינוואוינער שלאָפן, בלויז דאָ און דאָרט גייען זיך עלטערע אידן מיט אָפענע העמדער, מיט טליתים אונטער די הענט.

אַ פיינע לאַגע! ווי גייט מען צו צו די יידן מיט פעקלעך אין די הענט און מ׳פרעגט אויף עפּעס אַ האָטעל, אַז דערמיט אַליין מסרט מען

זיך, אַז מען איז נאָר וואָס, אין אַ יום־טובדיקן טאָג, אָנגעקומען צו פּאָרן?!

באַשלים איך זיך אַזוי צו שפּאַצירן, אָנגעלאָדן מיט פּעקלעך, ביז איך וועל אָנטרעפן עפּעס אַ גוי אָדער אַ יידישן גוי, עפּעס אַ מאָדער־נעם יידישן יונגערמאַן, און אַזוי וואַנדערנדיק איבער די גאַסן, פאַלן מיינע בליקן אויף אַ יידישן אַפּיש, וואָס קלעבט זיך אין דער גאַנצער גרויס אויף אַ פּאַרקאַן. ווען איך וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט איך אַרויפגעפאַלן אויף דעם אַפּיש און וואָלט אים אויסגעקושט, אַזאַ שמחה איז מיך באַפאַלן. אַ קלייניקייט, איצט וועל איך דאָך כאָטש נישט פאַר־נודיעט ווערן אין שטעטל. אָט וועל איך אויפזוכן די מענטשן, וועמענס נעמען ווערן דאָ אָנגעגעבן און מסתמא וועל איך זיך ביי זיי שוין נישט פילן אין דער פרעמד.

איין מורא האָב איך נאָר געהאַט, אַז טאָמער איז עס אַן אַפּיש פון אַ פאַרבייפאָרנדיקער יידישער וואַנדער־טרופּע, וואָס מער ווי דער אַפּיש איז שוין פון זיי אין שטעטל גאָרנישט געבליבן, און דאַמאָלט בין איך ווידער עלנט און איינזאַם.

אָבער, ניין, דער אַפּיש איז טאַקע פון אַ פאָרשטעלונג פון אָרטיקע ליבהאָבער־קרעפטן, וואָס האָבן ערשט מיט אַ וואָך צוריק געשפּילט יידיש טעאַטער, און וואָס האָבן זיי געשפּילט, נישט אַבי וואָס! — ניין, ניין, הויפּטמאַנס „די וועבער". איך זוך אַ נאָמען פון אַ שפּילער. אומ־זיסט. ענדלעך דערזע איך פאָרט איין נאָמען: „רעזשיסער — מאַגיס - טער ווינער".

אָט אָ, דעם ווינער מוז איך זען! אין אים ליגט מיין רעטונג, אַז איך זאָל די צוויי טעג אין שטעטל ניט פאַרנודיעט ווערן.

שטיי איך אַזוי נעבן דעם אַפּיש און נעם פון אים די אויגן נישט אַראָפּ, ווי איך וואָלט גערעדט צו אים: „וואו איז דער מאַגיסטער ווי־נער?" אָבער דער אַפּיש ענטפערט נישט, נאָר שמייכלט מיט עפּעס אַ מאָדנעם גלאַנץ אין זיין שמייכל. אָ, דאָס גלאַנצט ער אַזוי פון דער זונען־שיין, וואָס פאַלט אויף אים ברייטלעך.

און אָט אַזוי האָב איך זיך נישט אַוועקגערירט פון אַפּיש ביז עס זיינען אונטערגעקומען אייניקע יונגעלייט, וואָס האָבן גערעדט יידיש,

און איך האָב זיי געפרעגט צי זיי קאָנען מיך נישט צופירן צו אָט דעם מאַגיסטער ווינער.

שטעלט זיך אַרויס, אַז כאָטש דאָס שטעטל איז גענוג קליין און אַזאַ זאַך ווי שפּילן הויפּטמאַנס „די וועבער" מוז דאָך זיכער זיין געווען אַ גרויס געשעעניש, פונדעסטוועגן קענען גאַרנישט מיינע יונגעלייט אַ מענטשן מיט אַזאַ נאָמען ווי מאַגיסטער ווינער. נאָר וואָס דען? זיי קאָנען מיך צופירן צו אַ יידיש געוועלבל, וואָס איז היינט אָפן, דאָרט פאַרקויפט מען צייטונגען און דאָרט ווייסט מען אַלץ.

מסכים, קומען מיר צו צום געוועלבל. יאָ, איך קאָן טאַקע קריגן אַ צימער וואו צו זיין, און דעם מאַגיסטער ווינער קען מען טאַקע אויך. ער איז דאָ אַן אָפּטער גאַסט און מסתמא וועט ער באַלד אַריינקומען אויב ער איז זיך נישט געגאַנגען באָדן אין זברוטש אָדער ער מאַכט נישט קיין פּראָבע, וויל ער גרייט שוין צו נאָך אַ פאָרשטעלונג.

וואַרט איך אַזוי אַ שעה צייט און דער מאַגיסטער ווינער איז נישטאָ. זעט דער בעל־הבית פון געוועלבל, אַז איך זיץ ווי אויף שפּילקעס, באַקומט ער אויף מיר רחמנות און פאַרשאַפט מיר אַ בחור, וועלכער וועט מיך צופירן אין לאָקאַל, וואו מאַגיסטער ווינער מאַכט אפשר פּראָבע, און דאָס איז טאַקע ממש הינטער דער נאָז. צוריק וועל איך שוין דעם וועג אַליין געפונען.

גייען מיר אַזוי איינציקע מינוט און מיר קומען אַריין אין אַ לאָקאַל פון אַ יידישער פּאָליטישער פּאַרטיי. אין אַ גרעסער צימער, וואָס איז אַ פּנים באַשטימט פאַר די פאַרזאַמלונגען און פאָרלעזונגען, שטייען אַ מנין יונגעלייט, בלויז מענער, אויסגעשטעלט אין אַ ריי ווי צו גימנאַסטיק, און נעבן זיי שטייט אַ יונגערמאַן פון קנאַפּע דרייסיק יאָר און אפשר נאָך יונגער. זיין פּנים איז ברוין, כמעט ווי שוואַרץ. ווען כ'וואָלט נישט אָנגעשטויסן זיך, אַז ער איז בטבע אַ שטאַרקער ברונעט און איז מסתמא אָפּגעברענט פון דער זון, וואָלט מען אים געקאָנט אָננעמען פאַר אַן אַראַבער. אַ לענגלעך פּנים מיט אַביסל פאַרחלומטע אויגן און אַ גרויסן קאָפּ האָר, וואָס פאַלן כסדר אין די אויגן אַריין און ער מוז זיי כסדר מיט דער האַנט בעטן מחילה צוריק אויפן קאָפּ. דער יונגערמאַן האָט זיך נישט געשטערט אין דער אַרבעט. ער האָט געהאַלטן אַ

העפט אין דער האַנט, און דערפון סופלירט און די יונגעליימ האָבן אים נאָכגעזאָגט.

איך בין געבליבן שטיין אין אַ ווינקל קיינעם חלילה נישט צו שטערן, נאָר איך האָב זיך זייער אויפמערקזאַם צוגעהערט.

איינער פון די יונגעלייט האָט מיט אַלע כחות געפּרובט נאָכמאַכן אַ שטים פון אַן עלטערן מאַן, וואָס שרייט און פּראָטעסטירט: „ניין, איך וועל אייך נישט געבן מיין זון, איך פּראָטעסטיר! אָ, מיין קינד"! און באַלד דערויף האָט דער רעזשיסער געגעבן אַ צייכן, און דער גאַנצער מנין יונגעלייט האָט זיך גענעבן אַ צעשריי מיט קולות: „שריי כינע".

הייסט עס, אַז איך בין געקומען צו אַ פּראָבע פון דער פּיעסע „שריי כינע", וועלכע כ'האָב נאָר וואָס געזען שפּילן אין וואַרשע ביי דער ווילנער טרופּע. זייער פיין! ווייזט אויס אַ ליטישער רעזשיסער אָט דער מאַגיסטער ווינער. ער פירט נישט אויף סתם נאַרישע מאַכע־רייקעס, נאָר ערנסטע ווערק, אָט — הויפּטמאַנס „די וועבער" און אָט טרעטיאַקאָווס „שריי כינע".

אָבער וואָס לענגער איך בין געשטאַנען און געהערט די פּראָבע, אַלץ מער פאַרוואונדערט בין איך געוואָרן. עפּעס הער איך ווערטער, וואָס קלעבן זיך נישט איינס צום אַנדערן, אומזיניקע, נאַרישע פראַזן, וועלכע איך האָב אין דער וואַרשעווער אויפפירונג פון „שריי כינע" פאַר קיין פאַל נישט געהערט, און נאָך יעדע עטלעכע ווערטער פון אַ העלד, שרייט אויס דער מנין יונגעלייט „שריי כינע", אַזוי ווי להבדיל כוהנים שרייען אַלע אויס מיט אַמאָל „יברכך".

דער ענין הייבט מיר נישט אָן צו געפעלן, אָבער איך האָב געדולד ביז די פּראָבע ענדיקט זיך. איך שטעל זיך פאָר פאַרן מאַגיסטער ווי־נער. ער האָט מיין נאָמען קיינמאָל נישט געהערט, אַזוי ווי איך האָב זיין נאָמען קיינמאָל נישט געהערט. זיינען מיר, הייסט עס, גלייכע שותפים. דערפאַר קען ער אָבער, און נישט סתם אַזוי, נאָר פּערזענלעך די גרעסטע היינטיקע וועלט־קינסטלער. מאָיסי איז זיינער אַ פּערזענלע־כער פריינט. ער האָט געשפּילט צוזאַמען מיט אים (דאָס זאָגט ער מיר אויף דייטש, און טאַקע אין אַ שלעכטן דייטש), מיט סטאַניסלאַווסקיס טרופּע אין מאָסקווע האָט ער אויך שוין געשפּילט און אפילו אין לאָנ־

דאָן האָט ער שוין געשפּילט מיט די גרעסטע ענגלישע אַקטיאָרן (און דערביי זאָגט ער איין זאַץ אין ענגליש, וואָס קיין ענגלענדער אין דער וועלט וועט זיך נישט אַנשטויסן, אַז דאָס איז ענגליש). בקיצור, איך זע שוין, אַז איך האָב פאַר מיר דעם אמתן חברה־מאַן, גיב איך אים א פרעג פון וואַנען ער האָט די פּיעסע „שריי כינע", וועלכע איז אין דער יידישער איבערזעצונג א געשריבענע, ענטפערט ער מיר, אַז דאָס האָט ער זי מיטגעבראַכט מיט זיך, ווייל ער האָט אין איר מיטגעשפּילט די הויפּטראָל ווען די „ווילנער טרופּע" האָט זי אויפגעפירט אין וואַרשע (גראָד בין איך דאַמאָלט געווען אין וואַרשע און קען אַלע מיטשפּילער, צווישן וועלכע דער מאַגיסטער ווינער איז זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט געווען), און אַזוי ריידנדיק עפנט ער מיר אויף די פּיעסע, וואָס איז דורך־אַגב געשריבן מיט לאַטיינישע אותיות, מחמת מיין העלד קען קיין יידיש נישט שרייבן, און איך דערזע פאַר זיך איינציקע בלעטלעך, וואָס קאָנען העכסטענס גענוג זיין אויף אַן איינאַקטער.

— אָט דאָס איז די גאַנצע פּיעסע? — קאָן איך זיך שוין נישט איינהאַלטן.

— יאָ — ענטפערט ער מיר מיט טריומף — איך שטעל פּיעסעס אַנדערש ווי אַנדערע רעזשיסאָרן. מיר לעבן היינט אין אַן אַנדערן פּע־ריאָד, אַלץ מוז גיין מיט טעמפּאָ, איך נעם אַרויס דעם זאַפט, דעם עקס־טראַקט פון דער טעמע, און איך באַאַרבעט זי אַליין. איר האָט גע־דאַרפט זען ווי אַזוי איך האָב דאָ געשטעלט „די וועבער" אין 5 אַקטן. די פּיעסע איז געגאַנגען אין א טעמפּאָ ווי א קינאָ־בילד.

די יונגעלייט שטייען אַרום און קוקן זייער רעזשיסער גלייך אין די אויגן אַריין ווי יעדעס וואָרט, וואָס ער זאָגט, איז עפּעס הייליקעס.

און דער רעזשיסער רעדט און רעדט, דערציילט באַראָן מילכענ־הויזנס מעשות, און פאַר מיר איז שוין קלאָר, אַז ער איז אַזוי א מאַ־גיסטער ווי איך א מיניסטער, און איך קאָן זיך מער נישט באַהערשן און מיינע בליקן מיט וועלכע איך נעם אויף זיינע רייד, זאָגן אויס מיין גאַנ־צע באַציאונג צו אים, אָבער ער פאַלט ביי זיך נישט אַראָפּ און פאַר־בעט מיך צו קומען אַהער אין אָוונט, ווייל ער האָט היינט זיינעם א רעציטאַציע־אָוונט אויף וועלכן איך וועל אים קאָנען אָפּשאַצן אַלס קינסטלער.

דעם אמת געזאָגט האָב איך נישט געהאַט קיין שטאַרקן חשק צו גיין הערן אָט דעם משונהדיקן יונגערמאַן, אָבער ערגער ווי צו זיצן אין אַ דאָרפס-שטוב און זיך יאָגן מיט די פליגן קאָן דאָך שוין ניט זיין, האָב איך מיך געלאָזט צום „רעציטאַציע-אָוונט". אַז איך בין צוגעקומען צום זאַל, האָבן זיך פון דאָרט דערהערט באַנומענע קולות ווי פון אַן אָקס ווען מען פירט אים צו דער שחיטה.

דער קינסטלער, הייסט עס, ווייזט שוין זיין קונסט.

דאָס צימער איז געווען איבערפולט, אָבער ווען דער קינסטלער האָט מיך דערזען, האָט ער איבערגעריסן אין מיטן רעציטירן, און האָט מיך פאַרבעטן צו זיצן אויבן אָן, נעבן אים, ביי זיין טישל. איך האָב מיך אָפּגעזאָגט פון דעם פאַרגעניגן און זיך פאַרוקט ערגעץ אין אַ ווינקל. און דאָ גיט דער קינסטלער און רעזשיסער מאַגיסטער ווינער אַ קלאַפּ אין טישל, וואָס שטייט נעבן אים, און רופט אויס: „ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, באַשטייט מיין היינטיקער רעציטאַציע-קאָנצערט פון צוויי טיילן, פון דער יידישער און אייראָפּעאישער ליטעראַטור. פון דער יידישער וועל איך רעציטירן פון פרצן, אַשן, קאָברין און לייוויק און פון דער אייראָפּעאישער — פון סטרינדבערג, איבסען, שעקספּיר און טאָלער.

און באַלד דערויף גיט ער אַ זאָג אין אַן אַנדערן טאָן „קייטן פון לייוויק", גיט אַ פאַרוואַרף די האָר, אַ שטעל זיך אַוועק אין אַ פּאָזע פון נאַפּאָלעאָנען און הייבט אָן ווידער צו שרייען מיט הויכע קולות:

„קייטן ווילט איר אויף מיר אַרויפטאָן
ניין, איך וועל קעגן דעם קעמפן און שטרייטן
איך וועל מיין בלוט שטעלן אין קאָן
און וועל צעריסן אַלע אייערע קייטן".

און נאָך אַזעלכע געלונגענע פראַזן. דאָס דעקלאַמירט ער אַזוי געציילטע מינוטן פון אויסנווייניק, דערביי מאַכט ער מיט די הענט ווי אַ ווינט-מיל, שאָקלט דעם גאַנצן קערפּער ווי אין אַ קדחת און קעמפט גלייכצייטיק מיטן בערגעל האָר, וואָס פאַלן אים אין די אויגן אַריין. אויסלאָזן די דעקלאַמאַציע פון „קייטן" טוט ער מיט אַ גוואַלד-געשריי:

„כ'וועל זיך באפרייען פון די קייטן".

און די צעהיצטע יונגווארג אפלאָדירן אים שטורמיש.

א רגע אָטעמט ער אָפּ און באלד דערויף רופט ער אויס: „און איצט וועל איך אייך רעציטירן א סקיצע פון סטרינדבערגס „פאָטער", און ער לייגט אוועק אזא מין לשון: „ניין און טויזנט מאָל ניין, איך בין דער פאָטער, דער ריכטיקער פאָטער, דער אמתער פאָטער פון קינד".

די זעלבע טענער, די זעלבע זשעסטן און דיזעלבע באגייסטערונג פון די יוגנטלעכע צוהערער.

און פון סטרינדבערגן גייט ער, דער „מאגיסטער", איבער צו פּרצן, צו זיין „גאָלדענע קייט":

„א גאָלדענע קייט פון דורות
צי איך אָן שרעק אָן מוראס
איך בין דער יורש פון מיין זיידן
פּונקט אזוי ווי ער וועל איך ליידן
נישט ווערן מאַט, נישט ווערן מיד
און אויסטראָגן דעם נאָמען ייד
פאר נעכטן, פאר היינט און פאר ווייט
יאָ, בלייבן וועט ווייטער די גאָלדענע קייט"

און ווידער דיזעלביקע סצענע. דער „מאגיסטער", דערהאלט דעם גלייכגעוויכט צווישן אייראָפּע און יידישקייט. וויבאלד, אז ער האָט נאָר וואָס רעציטירט פּרצן, רעציטירט ער איצט איבסענען, און נישט אבי וואָס, נאָר די בארימטע „גייסטער".

„אָ־מאמע, זעסטו דען נישט ווי פארליבט איך בין אין מיין רע־גינען. איך וויל נישט וויסן ווער זי איז. איך האָב אָנגערירט איר העמד און מיין בלוט האָט אין מיר אויפגעקאָכט, איך מוז זי באזיצן. מוטער, איך וועל נישט רוען, לעבעדיק אָדער טויט, איך מוז זי באזיצן. ווי א גייסט פארפאָלגט זי מיך. אָ, גייסטער!".

און ווידער האָט דער עולם שטורמיש אפלאָדירט און זייערע אויגן האָבן געשיינט פון גליק, וואָס זיי האָבן זוכה געווען אליין, ביי זיך אין זייער שטעטל, אין זייער אייגענעם לאָקאל, צו הערן אזא מייסטערהאפ־טע רעציטאציע און דערצו פון אזעלכע וויכטיקע ווערק ווי „די קייטן", „דער פאָטער", „די גאָלדענע קייט" און „די גייסטער" און פון אזעלכע

וועלט־באַרימטע קינסטלער ווי לייוויק, סטרינדבערג, פּרץ און איבסען.

איך בין געזעסן און קיין אויג נישט אַראָפּגענומען פון דעם רעצי־טאַטאָר, וואָס האָט זיך אַליין עקזאַלטירט. עס איז שווער געווען צו טרעפן צי גלויבט ער, אַז אויך איך האָב אים נישט געכאַפּט ביי דער האַנט, אַז ער פאַרקויפט דעם ביליקסטן שונד אונטער דער פאַלשער מאַסקע פון כלומרשטע קונסט־ווערק פון די באַדייטענסטע דיכטער, אָדער ער האָט מיט זיינע אָפּט אויסגעשטרעקטע הענט צו מיר זיך גע־בעטן:

— האָט רחמנות, איך דאַרף האָבן פּרנסה. עפנט זיי נישט די אויגן!

און אויסנוצנדיק די ערשטע פּויזע, בין איך צוריק אַהיים אין דער אכסניה.

צומאָרגענס זענען די אָנגעזעענסטע מיטגלידער פון דער דראַמאַ־טישער סעקציע געקומען מיך פרעגן מיין מבינות וועגן זייער רעזשי־סער.

איך האָב זיי געגעבן אַן אויסמיידנדיקן ענטפער, נאָר בלויז באַ־מערקט, אַז זיי זאָלן פאַרשטאַרקן זייער שמירה אויף זייערע מיטגלי־דערינס, די יונגע מיידלעך, וועלכע זענען נעכטן געזעסן און געקוקט פאַרליבט מיט אַזעלכע פאַרחלומטע אויגן אויף דעם „מאַגיסטער"...

און דאָס וואָס איך דערצייל דאָ, האָט פּאַסירט אין זומער 1934 אין אַ שטעטל, צוויי שעה נעבן דער גרויסער קולטור־שטאָט טשערנאָ־וויץ.

— — — — — — — — — — — — — — — —

# יידישע אַקטיאָרן וועגן פּאָטער

דוד הירש (קאָמפּאָזיטאָר) דערציילט: איך בין געווען די־ריגענט ביי גאָלדפאַדענען אין רומעניע און האָב איבערגעשריבן זיי־נע קאָמפּאָזיציעס. געוויינלעך פלעגט עס אזוי צוגיין: גאָלדפאַדענען פלעגט איינפאַלן עפּעס אַ מעלאָדיע, קיין נאָטן האָט ער נישט גע־קענט, נאָר ער האָט זיך געהאַט זיינע אייגענע סימנים, פלעגט ער זיך פאַרשרייבן „זיינע" נאָטן, דערנאָך פלעגט ער אריינרופן איינעם, — מאיר מיטן ביינאָמען בייגלטרעגער, דער פּאָטער פון דער שפּע־טערדיקער אַקטריסע לאהקע וויינטרויב־גראַף. ער איז געווען דער מבין. גאָלדפאַדען פלעגט פאַר אים פאַרזינגען זיינע מעלאָדיעס. איז אים אַ מעלאָדיע געפעלן, פלעגט גאָלדפאַדען זי דערנאָך זינגען פאַר מיר, און איך האָב זי פאַרשריבן, אין אַ געשליפענער פאָרם, מיט ריכ־טיקע נאָטן, טאָמער אָבער איז דער מאָטיוו נישט געפעלן דעם בייגל־טרעגער, האָט גאָלדפאַדען צעריסן זיינע נאָטן.

גאָלדפאַדען פלעגט זאָגן, אַז מאיר דער בייגלטרעגער איז „דאָס פאָלק", און אַ מעלאָדיע וואָס געפעלט נישט דעם פאָלק, דאַרף נישט געבוירן געוואָרן.

יאָזעף רומשינסקי (קאָמפּאָזיטאָר) דערציילט: גאָלדפאַדען פלעגט גאַנץ אָפט „נעמען" מוזיק פון אָפּערעס. איינמאָל בעת ער איז געווען אין װאַרשע אין דער אָפּערע און געהערט מייער־בערס „הוגענאָטן", בעת מאַרסעל זינגט די אַריע „פיף פאַף", האָט ער זיך געגעבן אַ כאַפּ:

— אוי וויי איז מיר, דאָס איז דאָך גוט פאַר מיין גנב צום לידל „כאַפּ לאַפּ!".

גאָלדפאַדען איז אַריין אין אַזאַ התפעלות, אַז ער האָט געמאַכט זיין אויסגעשריי אויף אַ הויך קול און שיער נישט געשטערט די פאָר-שטעלונג.

די מעלאָדיע האָט ער טאַקע אַריינגעשטעלט אין זיינער אַן אָפּע-רעטע, אָבער די פּיעסע, אַזוי ווי די אַנדערע מיט דער נישט יידישער מוזיק, האָט נישט געהאַט קיין דערפאָלג.

ש מ ע י ה  ג אָ ל ד פ אַ ד ע ן (ברודער פון אברהם) דערציילט:

איך האָב אברהמען כמעט נישט געקענט, ווייל איך בין זייער יונג גע-ווען ווען ער איז אַוועק פון אַלט-קאָנסטאַנטין. ווען איך בין שוין געווען אַ יונגער בחור און איך האָב זיך געפונען מיט מיין ברודער יידל אין קיעוו, איז אָנגעקומען מיין ברודער אברהם מיט דער טרופּע. יידל און אברהם זיינען געווען צעקריגט און דעריבער האָט זיך יידל אָפּגעזאָגט אים אויפצונעמען אָדער גיין אים באַזוכן.

איך האָב אָבער געהאַט אַ שטאַרקן חשק צו זען מיין, שוין דאַ-מאָלט זייער באַרימטן, ברודער אברהם, בין איך אַוועק אין טעאַטער און געטראָפן שוין ביי „עלינו", נאָכן שפּילן.

איך האָב געוואַרט ביז די אַקטיאָרן וועלן אַרויסגיין און מסתמא וועט צוזאַמען מיט זיי אויך מיטגיין מיין ברודער. אַזוי איז טאַקע גע-ווען. איך האָב אים באַלד דערקענט, בין צוגעגאַנגען צו אים און אים אויסגעשטרעקט די האַנט.

ער אָבער האָט זיך נישט געאיילט צוריקגעבן די האַנט און גע-פרעגט:

— ווער ביזטו?

— איך בין שמעיה, דיין ברודער — האָב איך אים געענטפערט.

ער האָט מיך אָנגענומען ביי דער גאָמבע, גוט אָנגעקוקט און גע-זאָגט:

— יאָ, דו ביזט טאַקע מיין ברודער. איך וועל דיר געבן די האַנט ערשט ווען דו וועסט זיין אַ מענטש...

און ער האָט מיר די האַנט געגעבן ערשט אין עטלעכע און צוואַנ-ציק יאָר אַרום, ווען ער איז געקומען אין אַמעריקע, וואו איך בין שוין געווען פון פריער.

ל ייב  מ אָ ר ג ע נ ש ט ע ר ן (מוכר-ספרימניק אין וואַרשע)

דערציילט, אז בעת גאָלדפאדן איז געווען אין ווארשע, האָט ער אים אמאָל באזוכט אין האָטעל און האָט אליין געהערט ווי גאָלדפאדען האָט געבעטן ביי זיין פרוי א נייעם ארבע־כנפות.

איינינקע אקטיאָרן האָבן איבערגעגעבן, אז אין די „גוטע צייטן" פלעגט גאָלדפאדען אויפנעמען די אקטיאָרן אין האָטעל, בעת ער האָט געטאָן זיינע מענטשלעכע באדערפענישן...

ס ע מ ו ע ל פ ע ר ק ו י ף (אקטיאָר) דערציילט: מיר האָבן געשפילט אין יאסי. גאָלדפאדען איז ארומגעגאנגען אין צעריסענע הויזן. האָב איך אים געבראכט א שניידער, א געוויסן לערער, וואָס האָט זיך אונטערגענומען אים אויפצונייען א פּאָר הויזן פון זיין אייגענעם שטאָף אויף „לכשירחיב"...

ווען גאָלדפאדען האָט זיך אָפּגעקליבן א געוויסן שטאָף, רופט זיך אָן דער שניידער:

— ע, איר זענט טאקע א מבין, ווארום פון זעלבן שטאָף האָט זיך אויך אָפּגעקליבן א פּאָר הויזן אונזער גביר לייבעלע קאנער.

— וואָס, איינער האָט שוין א פּאָר הויזן פון ד ע ם שטאָף? — האָט גאָלדפאדען אויסגערופן — אויב אזוי נעם איך נישט דעם שטאָף — און ער האָט טאקע נישט גענומען.

י אָ ז ע ף ר ו מ ש י נ ס ק י דערציילט: גאָלדפאדען האָט מיר אמאָל איבערגעגעבן ווי אזוי ער פלעגט באשטימען דעם אמפּלוא ביי אקטיאָרן. געוויינלעך פלעגן דאָך קומען אזעלכע, וועלכע האָבן נאָך קיינמאָל נישט געשפילט, און גאָלדפאדען האָט געדארפט באשטימען וואָס פאר א מין אקטיאָר זיי זאָלן ווערן. פלעגט ער אזוי טאָן: ער פלעגט דעם קאנדידאט אויף אקטיאָר אריינפירן אין טעאטער און אים הייסן קוקן אויף דער בינע. די גאנצע צייט פלעגט אים גאָלדפאדען אָבסערווירן. האָט ער באמערקט, אז דער קאנדידאט האָט געלאכט ביי א קאָמישער סצענע, האָט ער אים באשטימט פאר א דראמאטישן אקטיאָר. איז אָבער דער קאנדידאט געווען ערנסט ביי א קאָמישער סצענע, פלעגט ער אים באשטימען פאר א קאָמיקער.

און ער האָט זעלטן געהאט א טעות מיט זיין אנאליז.

ק א ר ל ז י ל ב ע ר מ א ן (אקטיאָר) דערציילט: אין ענג־לאנד האָב איך געטראָפן א מאן, וועלכער האָט אויסגעזען זייער ענ־

לעך צו אברהם גאָלדפאַדען. ער האָט זיך פאַר מיר טאַקע פאָרגע-
שטעלט אַלם אברהם גאָלדפאַדען. ער איז געווען אַ זייער געלערנטער
ייד.

ווען כ'האָב זיך מיט אים פונאַנדערגערעדט וועגן רומעניע, האָב
איך באַקומען אַ חשד צי דאָס איז ווירקלעך אברהם גאָלדפאַדען, ווייל
ער האָט נישט געהאַט קיין שום ידיעה אין רומעניע. פונדעסטוועגן,
ווען ער האָט מיר פאָרגעלייגט, אַז כ'זאָל מיט אים מאַכן אַ טורנע, האָב
איך מסכים געווען און האָב אויף אַזאַ אופן דירעקט מיטגעהאָלפן
אים אָפּצובלאָפן דאָס פובליקום, אַז ער איז אברהם גאָלדפאַדען. מיר
פלעגן ביידע אַרויסטרעטן איבער דער ענגלישער פּראָווינץ מיט ליד-
לעך, געשריבן טאַקע פון ריכטיקן גאָלדפאַדען. דערביי פלעג איך פאָר-
שטעלן מיין מיטפאָרער אַלם דעם באַרימטן פאָלקס-דיכטער און גרינ-
דער פון יידישן טעאַטער אברהם גאָלדפאַדען.

אין מיטן אונזער טורנע האָב איך באַקומען אַ פּאָסט-קאַרטל
טאַקע פון אמתן אברהם גאָלדפאַדען, וועלכער שרייבט מיר, אַז ער
האָט זיך דערוואוסט, אַז איך פאָר אַרום מיט אַ מאַן, וועלכער גיט
זיך אוים פאַר אים דערפאַר ווייל ער איז צופעליק אויסערלעך ענלעך
צו אים. איך האָב זיך דאַן תיכף אָפּגעזאָגט צו פאָרן מיטן פאַלשן
גאָלדפאַדען.

ווי איך האָב זיך דערנאָך דערוואוסט, איז דער פאַלשער אברהם
גאָלדפאַדען געווען אַ בדחן און האָט געהייסן קיידאַנאָוו.

שפּעטער בין איך אַרומגעפאָרן איבער דער ענגלישער פּראָווינץ
אויף קאָנצערטן מיטן אמתן אברהם גאָלדפאַדען און ער האָט אומע-
טום געהאַט אַ געוואַלדיקן דערפאָלג.

יצחק בליפעלד (אַקטיאָר) דערציילט, אַז דער פאַלשער
גאָלדפאַדען האָט געהייסן קאַדאָניע און האָט געשטאַמט פון טשערני-
גאָוו. ער איז אויך אין רוסלאַנד אַרומגעפאָרן אויפן נאָמען פון אב
רהם גאָלדפאַדען.

אַדאָלף לאַנסקי (אַקטיאָר) דערציילט: בערך 1896
האָב איך געזונגען אין בוקאַרעסט אין אַ טריאָ „רימס-ראָמס-ראַמס".
די טריאָ איז באַשטאַנען פון מיר, שאָר און ראַכמער. די לעצטע צוויי
זיינען נישט געוואָרן קיין אַקטיאָרן. מיר האָבן געזונגען לידער אין

איניקע שפראכן, באזונדערס אָבער אין דייטש, און פלעגן טאנצן אינטערנאציאָנאַלע טענץ.

אין דער זעלבער צייט האָט אין דעם טעאַטער „זשיגניצע" גע־שפּילט אברהם גאָלדפאַדען מיט אַ טרופּע. זיי זיינען געווען אויף גרויסע צרות. אין משך פון איניקע חדשים פלעג איך און שאַר יעדע נאַכט, נאָך אונזער שפּילן, אַראָפּפאָרן אין „זשיגניצע"-טעאַטער און אַריינגעמען גאָלדפאַדענען מיט דער גאַנצער טרופּע אין אַ רעסטאָראַן צו אַ גרעק, קענגאיבער „זשיגניצע"-טעאַטער, און געבן זיי אַלעמען עסן אויף אונזער חשבון.

ס ע מ ו ע ל פ ע ר ק ו י ף דערציילט: בעת מיר האָבן גע־שפּילט אין יאַסי מיט גאָלדפאַדענען, האָט די טרופּע ממש געהונגערט. אַ מאָלצייט, ווען מען האָט אים שוין געגעסן, איז באַשטאַנען פון ברויט און הערינג. איינמאָל, ווען מיר זיינען אַזוי געשטאַנען פאַרן טעאַטער, איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פאַרקויפער מיט וויינטרויבן. גאָלדפאַדען האָט אים צוגערופן, זיך געהייסן געבן אַ פונט וויינטרויבן פאַר 2 פראַנק און אים צוגעשיקט צו דער קאַסע נאָך געלט. אין דער קאַסע איז מער נישט געווען ווי די 2 פראַנק און מען האָט זיי געגעבן דעם וויינטרויבן־הענדלער.

ווען איך האָב געפרעגט גאָלדפאַדענען, ווי אַזוי ער קאָן זיך דער־לויבן צוצונעמען די לעצטע 2 פראַנק אויף וויינטרויבן, אַ מער זאָל מען פאַר די 2 פראַנק קויפן ברויט מיט הערינג פאַר די אַקטיאָרן, האָט מיר גאָלדפאַדען געענטפערט:

— איך מוז האָבן וויינטרויבן. די אַקטיאָרן קאָנען שטאַרבן פאַר הונגער!

ש מ ע י ה   ג אָ ל ד פ אַ ד ע ן דערציילט, אַז דאָס צווייטע מאָל אין אַמעריקע איז זיין ברודער אברהם אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון טע־אַטער-דירעקטאָר שפּאַכנער (דער מאַן פון בערטאַ קאַליש). שפּאַכ־נער האָט צוגעשיקט גאָלדפאַדענען און זיין פרוי שיפסקאַרטן און גע־וואָלט זיך נעמען „באַצאָלט" זיין חוב ביים ערשטן אויפטריט. ער האָט אָנאָנסירט, אַז גאָלדפאַדען וועט פרייטאָג, שבת און זונטאָג אַרויסטרעטן אין שפּאַכנערס טעאַטער אויף דער בינע און באַגריסן דעם עולם.

אזוי ווי גאָלדפאַדען איז געווען זייער פּאָפּולער ביים טעאַטער־פּובליקום, האָט מען געקאָנט דערוואַרטן, אַז שוין צוליב דעם אַליין וועט אין טעאַטער קומען אַ גרויסער עולם.

באַלד ווי גאָלדפאַדען איז אַראָפּ פון דער שיף, האָט אים שפּאַנער אָנגעזאָגט די „בשורה" וועגן אויפטרעטן אויף דער בינע. גאָלדפאַדען האָט זיך אַנטשידן אָפּגעזאָגט.

— פאַרשטייט איר מיך — האָט ער געזאָגט — איך פאַרמאָג נישט מער ווי מיין פּנים, יידן האָבן ליב צו זען אַ זאַך נישט מער ווי איין מאָל. אַז איך וועל מיך איצט פאַר זיי באַווייזן, וועלן זיי שוין מער נישט קומען אָנקוקן מיך. איך וויל מיר אָבער מאַכן אַן „אָוונט" פאַר זיך...

ר ע ג י נ ע פ ר אַ ג ע ר (אַקטריסע), וועלכע האָט נאָך גאָלדפאַדענס צוריקקומען פון אַמעריקע, געשפּילט אין לעמבערג, דערציילט, אַז בעת אברהם גאָלדפאַדען איז צוריקגעקומען צו דער גימפּעל־טרופּע, האָט ער גראַד אָנגעטראָפן דעם מאָמענט, ווען זי האָט געוואָלט פאַרלאָזן די יידישע בינע און אַריבערגיין אויף דער פּויליד שער.

גאָלדפאַדען האָט דאָס נישט דערלאָזט און דערביי געזאָגט:

— וואָס הייסט, דו וועסט אַוועק פון דער יידישער בינע? דו ביזט דאָך באַשאַפן געוואָרן צו זיין נאָר אַ יידישע אַקטריסע! אַ יידישע און נישט קיין גויישע! ביי זיי, ביי די גויים, וועט דאָך דיר אָפּט אויסקומען צו שפּילן אַזעלכע ראָלן, וואו דו וועסט זיך דאַרפן צלמען! דו הערסט — צלמען!...

רעגינע פּראַגער, וועלכע איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג פרום, האָט זיך דערשראָקן פאַר גאָלדפאַדענס מוסר און איז טאַקע פאַרבליבן ביי דער יידישער בינע.

ס ע מ ו ע ל פ ע ר ק ו י ף דערציילט, אַז גאָלדפאַדען האָט זייער פיינט געהאַט מע:טשן מיט רויטע בערד. ווי מען פלעגט דערציילן האָט די שנאה געשטאַמט דערפון, וואָס יצחק ליבערסקאָ, זיין ערשטער געשעפטס־פירער, איז געווען אַ רויטער, און גאָלדפאַדען האָט אים נישט ליב געהאַט, ווייל ער האָט זיך נישט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע.

איינמאָל, ווען די טרופּע האָט געשפּילט אין יאַסי און גערדאַפּט האָבן שטעקנס און פּיקעס פאַר דער פּיעסע „עקדת יצחק", האָט מען גערופן אַ בערשטן־פּאַרקויפער, אַז ער זאָל צושטעלן די שטעקנס פון די באַרשטן, וועלכע פלעגן דערנאָך פאַרקלעפּט ווערן מיט זילבער אָדער מיט גאָלד־פּאַפּיר.

אַזוי ווי דער באַרשטן־פּאַרקויפער איז אַריינגעקומען מיט זיין סחורה און גאָלדפאַדען האָט דערזען, אַז דער ייד איז אַ רויטער, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט ביי אים עפּעס צו קויפן.

יאָזעף רומשינסקי דערציילט: אַ יאָר פאַר גאָלדפאַדענס טויט, האָבן זיי אַמאָל שפּאַצירט אויף דער סעקאָנד־עוועניו אין ניו־יאָרק. פאַרבייגייענדיק אַ גרויס יידיש געשעפט פון לעבנס־פּראָדוקטן, האָט זיך גאָלדפאַדען אָפּגעשטעלט. רומשינסקי האָט דערזען, אַז ער האָט חשק עפּעס צו קויפן, האָט ער אים פאָרגעלייגט אַריינצוגיין אינעווייניק. גאָלדפאַדען האָט באַלד מסכים געווען. אַזוי ווי רומשינסקי האָט געוואוּסט, אַז גאָלדפאַדען איז אַן אָרימאַן, האָט ער געמאַכט ביי זיך אַ רעוויזיע צו זען, וויפיל ער האָט געלט מזומן, וואָרים קיין איבריק גרויסער גביר איז ער אַליין אויך דאַמאָלט נישט געווען. בסך־הכל האָט ער פאַרמאָגט 2 דאָלאַר מזומן.

גאָלדפאַדען האָט דערווייל באַקוקט דאָס געשעפט און וואו ער האָט געזען עפּעס אַ גוטע זאַך, האָט ער געגעבן אַ קנאַק מיט דער צונג און דער געשעפטס־איינגנטימער האָט תיכף פאַרפּאַקט, וואָס ער האָט געהייסן. אַזוי האָט ער צונויפגעקליבן נאַשוואַרג און דעליקאַטעסן אויף 8 דאָלאַר מיט 90 סענט.

רומשינסקין איז פינסטער געוואָרן אין די אויגן, אָבער גאָלדפאַדען האָט אים באַלד אַרויסגענומען פון דער פאַרלעגנהייט. ער האָט געהייסן דעם געשעפטס־איינגנטימער צושיקן די איינגעקויפטע סחורה צו אים אין שטוב און דאָרט וועט ער באַצאָלן דעם רעכנונג, הגם איין גאָט האָט געוואוסט, פון וואַנען ער וועט נעמען אַזוי פיל געלט.

ווען רומשינסקי איז צומאָרגנס אַרויפגעקומען צו גאָלדפאַדענען, האָט ער דאָרט געפונען אַ גאַנצן קאַסטן מיט לעבנס־פּראָדוקטן. דאָס האָט דער נעכטיקער געשעפטס־באַזיצער צוגעשיקט גאָלדפאַדענען נישט נאָר זיין באַשטעלונג, נאָר אַ פינפפאַכיקע, און דערביי האָט ער צוגעגעבן

אַז פון אַברהם גאָלדפאַדען נעמט ער דערפאַר נישט באַצאָלט קיין סענט.

שמעיה גאָלדפאַדען דערציילט, אַז ווען זיין ברודער אַברהם האָט זיך שוין געהאַט באַזעצט אין ניו-יאָרק און ס'איז אים געגאַנגען אַזוי שלעכט, אַז ער האָט נישט געהאַט וואָס צו עסן, פלעגט ער אָפט האָבן באַזוכער פון זיינע פאַרערער.

אַברהם גאָלדפאַדען פלעגט וועגן דעם דערציילן מיט סאַרקאַזם.

— ס'עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ מאַן. מיט דרך-ארץ פרעגט ער: „דאָ וואוינט אַברהם גאָלדפאַדען?", „יאָ", — ענטפער איך אים. ער גיט אַ קוק אויף מיר און רופט אויס מיט התפעלות: „אוי, זעט נאָר, דאָס זענט איר דאָך אַליין דער גרינדער פון יידישן טעאַטער!" און גיט באַלד צו: „אָבער זעט נאָר ווי שלעכט איר זעט אויס, ווי אַלט, וואָס פאַרע קנייטשן אויפן פנים, יאָ, אַזוי זעט עס אויס אונזער אַברהם גאָלדפאַדען!", און נאָכדעם הייבט ער זיך אויף און גייט אַוועק, ווייל ער האָט דאָך דערפילט זיין פליכט פאַרן קינסטלער...

זוי פלעגן זיי קומען אין די צענדליקער, און קיינער האָט זיך נישט געמאַכט ווייסן, אַז כדי צו קויפן עסן, דאַרף מען האָבן געלט...

„ליטעראַרישע בלעטער", נ' 13, 1933.

# אינהאַלט: